# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדען 8. טאג.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאַהרליך —.3 רוביל:
פיערטעל יאהרליך 1.50 רו"כ.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעססע קאסט
20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאַהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.6 פלארין.
האלביאַהריג —.3 „
פירטעליאהריג 1,50 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Krakau, 3. December 1899 — נומער 22. — קראקויא, כסלו תר"ס.


## אינהאלט:




צו אבאַנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Dietelsgasse 45.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25,
mündlich: Twarda 6, Thür II.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf“ Berlin, zu Händen Dr. H. Malter,
Charlottenburg, Pestalozzistrasse 29.

„דער יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

## צו אונזערע געעהרטע מיטארבייטער!

מיר בעטען אונזערע ג. מיטארבייטער,
אלע ארטיקלען פאר דעם „יוד“ צו שיקען
אויף'ן אדרעס פון „אחיאסף“:

**Verlag „ACHIASAF“, Warschau.**

---

חברת אחיאסף

יצא לאור

# דרך תשובה

והוא חלק שלישי להספר המפורסם

## חטאת נעורים

מאת צלפחד בר חושם התוהה.

הספר הזה מכיל המשך תולדות חיי המחבר בתקופה המלאה ענין רב לעם ישראל, היא תקופת מלחמת ההשכלה החפשית, צמיחת הרעיון הלאומי וראשית העבודה בענין ישוב ארץ ישראל.

מחיר הספר 25 קאפ׳ ועם פארטא 30 קאפ׳.

**Verlag ACHIASAF, Warschau.**

---

עס איז ארויס פון דרוק אַניי זשאַרגאָניש ביכעל:

## קאלומבוס ביאגראפיע און בילד.

פרייז 5 קאָפּ׳ מיט פּאָרטאָ.

אדרעססע:

**Jsak Borysowicz Doktor, Odessa.**

Remieślnicza 48, W. 6.

---

אַ שֶׁען בִּילְד

גרופּפּענבילד פון

צווייטען-קָאנגרעס

פון מאַלער אָקין

פרייז מיט פארטא 1,10 רו"כ

**Verlag „Achiasaf“, Warschau.**

חדשות!

המציאו כעת מין הנקרא „פהאָס-פאָרזוירער קאָלק“ לפטם בו כל מיני בהמות בזול מאד, הבהמות תרבינה ע"י הפטום הזה לתת חלב שמן ודשן, ההרות תלדנה וולדות גדולות וטובות. החפץ בו לצרכו או למסחר להרויח בו ישלח פאסטמארקע ויקבל ממני פראספעקט חפשי:

**Sch. J. Jelin, Bialystok.**

---

יצא לאור ונמצא להמכר

# לוח אחיאסף

ספרותי ושמושי לשנת **תר"ס**

עם תמונות וציורים.

המאסף הספרותי הזה, שומר את תפקידו ויוצא לאור לתקופת השנה זה **שבע שנים**. וכאשר נוכחו הקוראים משנה לשנה הוא הולך ומתגדל בכמותו ומתפתח ומשתלם באיכותו.

**בשנה זו מחזיק הלוח יותר מעשרים ותשעה באגען פארמאט „אחיאסף“.**

מתוכן הענינים הבא הלאה ידעו הקוראים, כי כל טובי החכמים והסופרים השתתפו בו, ועשיר הוא במאמרים העוסקים בשאלות היום, מאמרי מדע ומחקר השוים לכל נפש, שירים, ציורים, ספורים ופיליטונים, תולדות אנשי השם בישראל ותמונותיהם, ציורים נחמדים מאה"ק והשקפה על מקרי השנה. ידיעות שמושיות מועילות וכו' וכו' ולא נגזם כלל, אם נאמר, כי הלוח הזה כאחיו הקודמים, ובבחינה ידועה, גם יותר מהם, הוא מאסף ספרותי נכבד שערכו קים לדורות ומביא לקוראיו תועלת וענג גם יחד.

## וזה תוכן הענינים:



אל הלוח נספחו התמונות והציורים האלה: א) הר' ר' עזריאל הילדעס-חיימער; ב) קלמן שולמאן; ג) מ. ז. פייערבערג; ד) הרב ד"ר מ. גסטר; ה) פרופ. ע. מאנדעלשטאם; ו) דר. י"ל קאנטאר; ז) הזמירה בכרמי המושבה „רחובות“; ח) תלמידי ביה"ס ב„רחובות“ לפני שער הכבוד לכבוד הנדיב הידוע

---

## הקונגרס הציוני השלישי.

מפני כי בשנה זו נועד זמן הקונגרס קרוב לר"ה ואי אפשר היה לעכב הוצאת הלוח עד אחר הקונגרס באופן שנוכל לתת בו מקום לדין וחשבון ע"ד הקונגרס השלישי, ע"כ החלטנו להוציא בשנה זו

**מחברת שלמה מיוחדת ע"ד הקונגרס הציוני השלישי**

כתובה בידי סופרנו המיוחד אשר בבאזל ואת המחברת הזאת

### יקבלו חנם כל קוני הלוח

מיד אחרי צאתה נגד תלוש המצורף לכל לוח.

מחיר הלוח 1 רו"כ, עם פארטא 1,26 ר'
מכורך 1,40 רו"כ, ועם פארטא 1,66 ר'
באוסטריה 1,25 פלארין ועם פארטא 160 פלורין

**Verlag „ACHIASAF“ Warschau.**

I. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 22.

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדען 8. טאג.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יעהרליך:
עסטרייך אונגארען — 6. פלארין.
האלביאהריג — 3.— „
פירטעליאהריג — 1.50 „
דייטשלאנד — 10. מארק.
ארץ ישראל — 12. פראנק.
אנדערע לענדער — 15. „
אמעריקא, ענגלאנד — 10. שילונג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint jeden 8. Tag.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ־יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל־יאהרליך 1.50 רוביל.

מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 3 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

קראקויא, כסלו תר"ס. נומר 22. Krakau, 3. Dezember 1899.

## „חנכה“.

דונקעל דארט ברענען די חנכה ליכטעליך,
נאר פרעהליך איז עפיס פון זיי...
מעשות דערצעהלט מיר דער זיידע, פערשיעדענע:
— „נו, הער־זשע, מיין קינד, און פערשטעה!“...

—

וואונדער פון ערטער, פון היילינע, געטליבע,
וואס איצט זענען חרוב און פוסט, —
נסים פון צייטען, לאנג־לאנג שוין געוועזענע,
דערצעהלט ער, איך הער זיי מיט לוסט...

—

זיס איז פונ'ם היילינען לאנד די ערצעהלונגען,
געשמאק איז מיר איטליכעס ווארט;
ליעב זענען מיר די גבורים, די יודישע,
וואס האבען געקעמפפט אמאל דארט...

—

— „קינד מיינס, דו זעהסט אט די קליינינקע ליכטעליך?
„זיי זענען א זכר צום נס...
„כל־זמן עס האלט־זיך אין זיי נאך דאס פייעריל —
„די חנכה־ליכט ניט פערלעש!...

—

באלד אויך דערצעהלט ער, ווי לאנג ס'האט געצויגען זיך
דאס ביסעלע בוימאייל אמאל...
„זעהסט, — זאגט ער — זוהן מיינער! ער נור, דער אייבערשטער,
פערלאזט זיין פאלק־יודען קיינמאל!“

—

— „וואָרום־זשע, זיידעניו, שלאגט דאס מיך חס'קעלע
„און זאגט נאך, אז גאט האט אונז פיינט?“... —
— „ווייל ער איז חס'קעלע... שלאגט ער דיך, זאגט ער עס,
„מיר זענען אין גלות דאך היינט“... —

— — — — — — — — — — — — — — — —

טויזענדער קלערונגען מישען־זיך, פלאנטען־זיך...
דאס קינדערשע קעפעלע טראכט...
„אך, אונזער לאנד!... אט דאס היילינע לאנד יענע —
„פאר וואס האט גאט חרוב געמאכט?“...

—

— „מיר אליין, קינד מיינס! מיר זענען די שולדיגע, —
„געדערבט איז נור גאט און זיין דין...
„דאך, מיין זוהן, האפען מיר — ער וועט אונז אויסלעזען
„און וועט אונז נאך ברענגען אהין!“...

— — — — — — — — — — — — — — — —

דונקעל, גאר ליעבליך, דארט ברענען די ליכטעליך,
דער זיידע — געטרייה, מלא־חן!...
ביסליכווייז ווערט עפיס שוידערליך־אומעטיג, —
ס'פערקוועטשט מיר דאס הערציל... איך וויין...

—

צאצקעס ארוים פונ'ם קינדערשען מח'ל,
כ'פערגעס אויך דאס „חנכה־געלט“, —
דארטען... אהינצו... אוי, ציהט־עס און ווילט־זיך מיר,
ס'געלוסט־זיך מיר אויך זיין א העלד!...

—

„יהודה המכבי“!... אט שטעהט ער, דער העלד, פאר מיר —
עס ווילט־זיך מיר אויך זיין ווי ער!...
— „וואס ביזטו טרויעריג, קינד מיינס! ווער פרעהליכער, —
„דעם חנכה־נס גוט בעקלער!“...

—

— „זיידעניו... זיידעניו“... — „וואס וויינסטו, נארעלע?“...
— „עס ווילט־זיך א גרויסער מיר זיין!“...
— „לערען גוט, פרום זיי נור — וועסטו א גרויסער זיין“...
איך הער... און בעקלער... און שלאף־איין...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אדעססא, ר"ח כסלו. מנחם מענדל הורוויץ.

—

## וואס איז חנכה?

ווענינ זענען דא אין לעבען פון א פאלק אזעלכע מאמענטען, אין וועלכען דער גייסט פון דעם פאלק זאל ערשיינען מיט איהר גאנצער קראפט און שטארקען ווילען און ענערגיע, ווי אין די צייט פון די חשמונאים ביי אונז יודען. מיט גאלדענע בוכשטאבען שרייבט יעדעס פאלק די נעמען פון איהרע העלדען, וואס האבען געקעמפפט און גער־שטרייט פאר זיין פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט ווי ביי אונז מתתיהו מיט זיינע זיהן. אזעלכע העלדען בעגייסטערן תמיד דעם פאלק און געבען איהם מוטה און קראפט צום ווייטערען לעבען, און בעלייכטען ווי העלע שטערן זיין היסטארישען וועג.

און ווען אזוי פיהרט זיך עס ביי אנדערע פעלקער וואס זייער איצטיגעס לעבען איז פיעל בעסער און שענער פאר זייער פערגאנגענהייט, וואס זייער שטאלץ און זייער קראפט איז נאך פאר זייערע אויגען, וואס

נייע העלדען און נייע גבורות קומען ביי זיי אליין צו און זייער היסטאריע ווערט אליין רייכער מיט יעדען דור. היינט ווי טייער און הייליג ברויך ביי אונז יודען זיין דער זכרון פון אזעלכע העלדען, ווען איצט זענען מיר אזוי געפאלען און ערנידריגט און קיין נייע העלדען וואס זאלען קענען פערבייטען די אלטע, גיט, ליידער, די צייט נישט!

פרעגט א קינד פון יעדען פאלק, ווער זיינע העלדען זענען געווען און ער וועט אייך זיי מיט זייערע נעמען אנרופען; וועגען זיי האט נאך איהם אין זיין וויגעלע די מוטער ליעדעליך געזונגען, און ניט איינמאל האט ער אונטערגעהערט פון עלטערע מענשען, וועלכע האבען זייערע נעמען מיט שטאלץ דערמאנט. און ביי אונז!... עס איז א שאנד צו זאגען! א שמעריץ דריקט דורך אונזער נשמה נור בלויז טראכטענדיג ווי אזוי אונזער פאלק איז אפילו אין דער הינזיכט געפאלען! פרעגט א יודיש חדר יונגיל ווער און וואס די חשמונאים זענען געווען, וועט ער אייך ניט וויסען מעהר וואס צודערצעהלען ווי אין "על־הנסים" שטעהט, אויב דער "רבי" זיינער האט זיך נאך נישט געפוילט צו פערטייטשען איהם דאסזעלבע.

און דאך איז פארהאן אזוי פיעל וואס צו דערצעהלען, אזוי פיעל צו וויסען, אזוי פיעל צו געדענקען!...

ווי א העלער ליכטיגער שטערן אויף דעם שווארצען הימעל אין א פינסטערער טרויריגער נאכט, ערשיינט אונז די צייט פון די "המכבים"...

---

זעהר ביטער איז געווען די יודישע לאגע אין זייער הייליגען לאנד, בעת די גריכען האבען איבער זיי געהערשט. דער קעניג אנטיאכוס עפיפאנוס, וואס האט דאמאלס געהערשט איבער גאנץ סוריא, איז בעוואוסט אין דער היסטאריע אלס איינער פון די שרעקליכסטע און שענדליכסטע קעניגען, וואס די מענשהייט האט נור געקענט אין יענער צייט אזעלכע געבוירען. דאס איז געווען א דעספאט וואס האט ניט געוואוסט פון קיין גרענצען ווען עס איז געגאנגען אין זיין ווילען צו דערשטיקען יעדע פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט ביים פאלק. מען קען זיך לייכט פארשטעלען ווי געדרוקט די יודען זענען געווען אונטער דער האנד פון אזא טיראן. נאר נאך ערגער איז געווען דאס, וואס צווישען פאלק אליין, צווישען העכערן קלאס, האבען זיך געפונען אזעלכע וואס האבען פיינד געהאט און נעהאסט די פרומע ברידער פונ'ם פאלק, דאס זענען געווען אונזערע דענסטמאליגע אסימילאטארען, וואס זענען בעקאנט אין דער יודישער היסטאריע אונטער'ן נאמען "מרשיעי־ברית" און אין דער אלגעמיינער — "העלעניסטען". דאס איז געווען די דאמאלסדיגע יודישע אריסטאקראטיע.

עס קען אונז אזוי פיעל ניט פערוואונדערן, וואס אנטיאכוס האט געוואלט ביי די יודען רויבען זייער גלויבען אין איינציגען גאט, זייער זיטליכקייט (מדות), זייערע טראדיציעס וואס זענען געווען איינגעוואורצעלט פון דור־דורות — דאס אליין קען אונז אזוי פיעל ניט פערוואונדערן, ווי דער פאקט וואס אונזערע אייגענע ברידער, די העלעניסטען, האבען דאסזעלבע געוואלט. זיי האבען אויך געוואלט אויסרייסען ביי'ן פאלק דעם ריינעם גלויבען פון הארצען און אויסמישען זיך מיט יענע פעלקער וואס האבען פון אהדות־הבורא קיין בעגריף נישט געהאט און האבען געדיענט צו האלץ און צו שטיין. יא, אונזערע אייגענע ברידער זענען צוגעשטאנען צום פיינד און מען קען זיך שוין פארשטעלען ווי ביטער עס איז דאן געווען די יודישע לאגע; דער בית־המקדש איז געשטאנען וויסט, אינוועניג האט דער גרויזאמער קעניג אנטיאכוס אריינ־

---

# פעלעטאן.

## מיליאנען!

א נייער ראמאן פון דער יעהופעצער בערזע אין בריוולעך

פון שלום־עליכם.

### III.

מנחם מענדל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה שיינדיל אין מאזעפעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה שיינדיל שתחי' עכב"ב.

**ראשית** בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום, השם יתברך זאל העלפען מע זאל תמיד הארכען איינם פונם אנדערען נור גוטס מיט בשורות טובות ישועות ונחמות — אמן, **והשנית** זיי וויסען, אז דו האסט ניט רעכט צעקייעט וואס איך האב דיר געשריבען. זאלסט גאר קיין יסורים ניט האבען וואס איך בין געווארען פון א שפעגעלאנט א מעקלער, ס'איז גם זו לטובה. איך בין נישט איינער אין יעהופעץ. פאראן ביי אונז קיין עין־הרע אסך מעקלערס, מעקלערס פון צוקער, מעקלערס פון אקציעס, מעקלערס פון ברויט, מעקלערס פון געלד, פון הייזער, פון אימעניעס, פון וועלדער, פון מאשינעס, פון בערלינעס, פון קלעצער, פון פאבריקעס, פון זאווארען, פון באהנען, און וואס א מויל קען אויפרעדען און וואס דאס הארץ פארג־ונסט — איז דערויף דא א מעקלער... עס ווערד דא נישט געמאכט קיין שום געשעפט אהן א מעקלער. און יעדער מעקלער קומט אן צום אנדערען מעקלער, ווארום דער מעקלער האט א קונה און יענער מעקלער האט א מוכר, קומט דאס אויס אינאיינעם א זווג; היינט מאכט זיך אפט אז צו איטליכען מעקלער טשעפען זיך צו נאך צוויי דריי מעקלערס, טהיילען זיי זיך אלע מיט'ן "קארטאזש" חלק כחלק, און אז מע קאן זיך ניט איינטהיילען מיט די חלקים, איז אדער מע פארלאזט זיך אויף מענשען, אדער מע טהוט ווי מע פלעג טהון אין אדעס, דאס הייסט מען "אמפעזירט" מיט פעטש...—היינט פארשטעהסט דו שוין דעם ענין המעקלעריי? נאר די גרעסטע מעקלערס פון אלע זענען די צוקערמעקלערס, ווארום אלע צוקערען געהען דורך זייערע הענט, זענען זיי מאסף ממון, פאהרען מיט אייגענע קארעטעס, זיצען אין בויבעריק אויף דאטשעס, שפילען אין קארטען און האבען "שאדערזאנקעס מיט שאנשענעטקעס"... הכלל איך האב ארויסגעזעהען, אז מעקלעריי איז דאס בעסטע געשעפט, ווארום וואס האט א מעקלער איינצושטעלען? ממה נפשך האב איך געטראפען, וועט יענער פארדינען געלד, אלא ניט וועלען מיר ביידע ליגען אין דער ערד! אמת דו ביזט גערעכט, נישט אלע טאג חאפט מען פיפציגערס, איך האב פון דעם ערשטען געשעפט אן לעת עתה מעהר נישט געמאכט גאר נישט, און דער פיפציגער איז צעקראכען געווארען אין איין כהרף עין, ווארום א בעל־חוב בין איך געווען אז די האר זענען נישט מיינע, און א פאר קערבליך האב איך צעטהיילט גמילות חסדים, און איך זיץ שוין ווידער אהן א גראשען, נאר וואס דענן? איך האף אז איך וועל אם־ירצה־השם מיט'ן אויבערשטענס הילף מאכען א געשעפט אין גיכען און דעמאלט וועל איך דיר צושיקען עטליכע קערבליך דורך איין אנווייזונג אדער גאר מיט דער פאסט. און וואס איך פרעג דיך מכח רעגענס איז א פשוטער שכל: ווייל צוקער פארשטעהסט דו מאכט מען דאך פון בערעקיס, און בערעקיס בעדארפען האבען רעגען, אנדערס קענען זיי ניט וואכסען, לכן פרעג איך דיך צי עס געהען ביי אייך אפטער רעגענס. נאר הלוואי זאל גאט געבען אז קיין רעגען זאל גאר נישט געהען, און די זשוקליך לאזען עסען די בערעקיס אויף וואס די וועלט שטעהט, ווארום ווי באלד אז עס וועט ניט זיין קיין בערעקיס, וועט דאך ניט זיין קיין צוקער, און אז עס וועט ניט זיין קיין צוקער וועט צוקער זיין מיט גאלד גלייך, וועלען די "שפעגעלאנטען" מאכען געשעפטען, די מעקלערס וועלען פארדינען געלד און איך אויך בתוכם, און מחמת איך בין פארנומען און איך האב קיין צייט ניט, מאך איך דאס בקצור. לעת עתה לאז גאט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינדער און איטליכען בעזונדער גאר פריינדליך.

ממני בעלך מנחם מענדיל.

**עיקר שכחתי.** וואס דו שרייבסט מכח דיין שוועסטעריל, איז אויב זי איז נאך נישט קיין כלה (געוויס איז זי נאך ניט קיין כלה!) האב איך פון איהרעטוועגען א חתן איין אנטיקעל, טאקי פון היע, און דוקא א בחור, חאטש אפילו נישט קיין יונגער, טאקי רעכט אין די יאהרען, שוין מיט א גרויהליך בערדעל. קיין גביר איז ער ניט, נאר א מלאכה אין דער האנד האט ער, היינו ער איז א מעקלער און דרעהט זיך ארום צוקער. קיין זעהר איבער־געשפיצטער איז ער נישט, נא' א גאנץ עהרליכער. ער הייסט ל י י ב און זיין "פארמעל", איז ט ר א ס ק י ם. ווערליג איך קען דיין נחמה בריינדלין (זי איז שוין אויך אביסעל אין די יאהרען!) און ווערליג זי איז צווישען אונז רעדענדיג א קאזאק, איז אט דער שדוך פאר איהר אנגעמאסטען, ווייל דער בחור איז זעהר א שטילער בחור, א פאקארנער נעביך ווי א שעפעלע. אויב עס לייגט זיך דיר אויפ'ן מח, קלאפ מיר א דעפעש, אדער שרייב מיר אריין א בריוועל, וועל איך מאכען מע זאל זיך צענויפפאהרען. הנ"ל.

---

### IV

שיינה שיינדיל פון מאזעפעווקע צו איהר מאן מנחם מענדיל אין יעהופעץ.

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם מענדיל נ"י.

**ערשטענס** קום איך דיר מעלדען, אז מיר זענען אלע גאט צודאנק אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט

געשטעלט א בילד פון א אבגאט, איבערן גאנצען לאנד האבען אומגערייזט פון אנטיאכוס'ן בעאמטע און האבען אומעטום צעשטעלט מזבחות פאר די גריכישע געטער און גענייט דעם פאלק מקריב זיין דארט קרבנות. דער וואס האט זיך געפריווט פערטיידיגען איז בערויבט און געטויט געווארען. אין אזא צייט האט זיך דאס פאלק געפיהלט זעהר דערשלאגען און דעם גאנצען מוטה פערלארען און האטש אין הארץ האבען זיי זיך פעסט געהאלטען אן זייער איינציגען גאט און אן אלע יודישע מנהגים, דאך האבען זיך פיעל געמוזט בוקען צו די אבגעטער און פארשטעלען זיך אלס געצענדיענער. נור די דאמאלדיגע חסידים פלעגען זיך בעהאלטען אין העהלען און אין בערג פאר די גריכען, ביז וואנען דער שונא האט זיך דערוואוסט און איז זיי בעפאלען ווי אויף א סטאדע אונבעהאלפענע שאף און פיעל פון זיי פערברענט לעבעדיגערהייט.

און עס האט זיך געדאכט, אז עס ענד'גט זיך די היסטאריע פונ'ם פאלק וואס פיהרט אזא לאנגע צייט די מלחמה פאר זיין גלויבען, פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט. עס איז דאן ניט געבליבען קיין איינציגער שטראהל פון האפנונג וואס זאל בעלייכטען דעם טרויריגען וועג, ווי אזוי ארויסצוגעהן פון דער שרעקליכער לאגע. ווי אזוי? די גריכען זענען אזוי שטארק און זיי — די יודען — אזוי שוואך! זיי האבען אפילו קיין געוועהר ניט געהאט און ניט געוואוסט ווי צו האלטען עס... און דאס דריקען פון אויסוועניג פון די גריכען און פון די "מרשיעי־ברית" האט זיך פון טאג צו טאג געשטארקט און אלס מעכטיגער און מעכטיגער געווארען...

די צייט איז געווען דאסזעלבע וואס ביי איין געפעהרליכען קראנקען דער קריזיס: "לעבען אדער שטארבען!

נאר ניט אזוי גיך שטארבט א פאלק מיט אזא ריינעם גלויבען, וואס איז טיעף איינגעווארצעלט אין זיין הארץ און גיט איהם כחות אלעס אריבערצוטראגען!...

אין א שטעדטיל מודעים, ניט ווייט פון ירושלים, האט אין דער דאזיגער טרויריגער צייט געוואהנט א כהן, מתתיהו החשמונאי מיט זיינע פינף זיהן. אז דער בעאמטער פון די גריכען איז געקומען אין דער שטאדט אריין און בעפוילען, אז דאס פאלק זאל ברענגען קרבנות דעם גריכישען גאט, האט ער זיך צוס ערשטען געווענדעט צו מתתיה'ן; אלס דער עלטעסטער און חשוב'סטער פון שטאדט זאל ער דער ערשטער געהן צום מזבח. נאר מתתיהו האט איהם מוטהיג און פעסט געענטפערט: "איך און מיין משפחה וועלען גיט דיענען צו פרעמדע געטער אויסער צו אונזער איינציגען גאט". דערווייל איז צוגעגאנגען איינער פון די מרשיעי־ברית צום מזבח צו שהט'ן דעם קרבן פאר'ן אבגאט. דא האט זיך שוין מתתיהו נישט געקאנט איינהאלטען און מיט וואוט און צארן איז ער צו איהם צוגעלאפען און האט איהם אופ'ן ארט געהרג'ט...

דאס איז געווען דער ערשטער פונק פון וועלכען עס האט זיך אויפגעבלאזען א העליש פייער אין אלע יודישע הערצער, א שרעקליכער ווילען מלחמה צו האלטען מיט די גריכען פאר זייער פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט און ארויסטרעטען מיט א אפענער רעוואלוציאן קעגען אנטיאכוס'ס טיראנעריי.

און עס האבען זיך פערזאמעלט צו די חשמונאים עטליכע טויזענד מאן יודען, איבער וועלכע יהודה המכבי, דער עלטערער זוהן מתתיהו'ס איז געווארען זייער פיהרער. ווי וועניג די צאהל פון דעם יודישען חיל איז געווען קעגען דעם שטארקען שונא, קעגען דעם געלערנטען מיליטער

---

ערגער. **צווייטענס** שרייב איך דיר, וואס עס האט זיך מיר געחלומט יענע נאכט און היינטיגע נאכט און א גאנץ יאהר זאל אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפ און צו דיינע הענד און פיס! א גדולה אויף דער באבע — אז עס וועט ניט געהן קיין רעגען, וועט ניט זיין קיין בערעקים. און אז עס וועט ניט זיין קיין בערעקים וועט ניט זיין קיין צוקער, און אז עס וועט ניט זיין קיין צוקער, וועט ער דעמאלט פארדינען געלד! פונקט די מעשה מיט'ן ציגיינער און מיט'ן בער: אז דער ציגיינער וועט האפען דעם בער אין וואלד און אז ער וועט איהם אפשינדען, און די פעל וועט ער ארויספיהרען אויפ'ן יריד און פארקויפען, און פאר'ן געלד קויפען א פערד. דאס פערד אויסבייטען אויף א קוה, און אז די קוה וועט זיך קעלבען און געבען מילך וועט ער האבען קעז און פוטער! און וואס וועט זיין, מענדיל, אז איך וועל דיר אנזאגען א בשורה, אז ביי אונז גיסען אלע טאג שלאקס רעגענס, א שלאק זאל אין דיינע ביינער אריין, און די בערעקים וואכסען מיט רוחות און קיין זשוקליך איז ביי אונז נישטא חוץ וואנצען מיט טאראקענס, וועט דיר שוין זיין גרינגער? גאט זאל מיר טאקי אזוי העלפען ווי איך האב דאס געוואוסט פריהער אז פונים פיפציגער האסט דו שוין א גוט-אייג נישט קיין געלד. איך האב געוואוסט פריהער אז דו וועסט גיכער צעטרענצלען די עטליכע קערבליך אויף גמילות חסדים, איידער נעמען אויפ'ן קאפ אז דו האסט א ווייב ביז 120 יאהר. גמילות חסדים? קרענק וואלט איך זיי געגעבען מיט צרות מיינע, ווארום אז דו וועסט בעדארפען אליין צו זיי אנקומען מיט א גמולת חסד, וועסט דו זעהן, אז קיינער וועט ניט זיין אין דערהיים, ווי זאגט די מאמע: „א נעמעראוועער איז ניט קיין געבעראוועער און א גוטער ברודער איז נאר ביז צו דער קעשענע"... נאר ווער איז שולדיג ווען ניט איך אליין? א קלייניגקייט, מע גיט אזוי נאך א מאן! ער ווייסט דען וואס צו טהון פאר גרויס ראסקאש? ער דרעהט זיך דארט ארום אין יעהופעץ ווי א גראף, עס פעהלט איהם נור רעגענס מיט זשוקליך. און איך ליג דא ווי א הונד באגראבען, שלים-שלימזל אויף יעדען טריט! געהט א קינד, משה הערשעלי ברענען זאל ער, פאלט דאס און האקט זיך איבער א ליפ; האב איך א פינגעריל מיט שפריצליך, גנבה'ט דאס א וועק ביי מיר די דינסט — עס געהט קיין עין-הרע פון אלע זייטען, ווי זאגט די מאמע: „קומט אן דאס גליק גיס אויס די פאמעניצע"... נו בין איך נישט גערעכט געווען וואס איך האב דיר געזאגט, אז ניט אלע מאנטאג איז פורים און אז קיין פיפציגערס וואלגערען זיך נישט? פאלג מיך, מענדיל, טהו א שפיי אויף דער שענער פרנסה און פאהר א היים, און מכה דעם שענעם שדוך, וואס דו לייגסט פיר פאר מיין נחמה בריינדלין, מעג ער זיצען דארטען אין געהאקטע וואונדען דער אלטער בחור דיינער מיט דער גרויע בארד; ניט דערלעבען וועט יעהופעץ אז מיר זאלען פון דארטען א שדוך טהון! מע רעדט איהר ווייסט דו וועמען? טאקי דעם ערשטען חתן איהרען; ער האט זיך מיט'ן ערשטען ווייב געגט און איצט שדכ'נט ער זיך ווידער א מאל צו מיין שוועסטעריל, זי איז איהם א פנים שטארק געפעלען דעם שארלאטאן? נאר ווי זאגט די מאמע זאל לעבען: גלייכער מיט א היי־מעשען גנב איידער מיט א פרעמדען רב"... און ווי באלד דער שדוך וועט ווערען, אזוי שטעלט מען באלד א חופה, און לאם איך זעהען אז דו וועסט ניט קומען צו נחמה בריינדלין אויף דער חתונה, מעגסט דו זיכער זיין, אז דער טווירט איז דיר ווינציג, ווי עס ווינשט דיר פיעל גוטס און אימער גליק דיין באמת געטרייע פרוי.

שיינה שיינדיל.

אונזער קאפיל האט שוין ווידער א מאל געזאגט דעם פסוק, אנגעזעצט אפשר צעהנטויזענד קערבליך און איז שוין ווידער א בטוח אין שטעדטיל, און בעריל דעם פעטער מנשה'ס האט ווידער א מאל געטראפען איין אומגליק, ער איז אפגעברענט געווארען אפשר אויף א הונדערטער און נעמען נעמט ער דריטהאלבען טויזענד קארבען, נאר מיר דאכט, אז דאס איז שוין ביי אונז די לעצטע שרפה אין שטאדט, ווארום ס'איז א סברה, אז די חברה „יאקער" האט שוין אויפגעהערט סטריכ'רען יודישע הייזער מיט יודישע קלייטען אין מאזעפעווקע, און מרים ביילה האט זיך מישב געווען וואס טויג איהר א פארוק, א מעהר וועט זי געהן פארמאלנע מיט די האר, גלייכט זיך צו אונזער גביר'ס שניר, א מכה זיי, וואס שפילען מיט יונגע לייט אין קארטען, נאר איך האב פיינד יענעם צו בערעדען ווי זאגט די מאמע: „האב אין זינען זיך זועסטו פערגעסען אין יענעם", און שרייב מיר למען השם וואס הייסט דאס „שארעזאנקעם" מיט „שענעשעטקעס", וואס איז דאס און אויף וואס דארף מען דאס?

---

V.

מנחם מענדיל פון יעהופעץ צו זיין ווייב שיינה שיינדיל אין מאזעפעווקע.

לזוגתי היקרה הצנועה החכמה מרת שיינה שיינדיל שתחי' עכב"ב.

**ראשית** בין איך דיר מודיע, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום השם-יתברך זאל העלפען מען זאל תמיד הארכען איינס פונים אנדערען נאר גוטס מיט בשורות טובות ישועות ונחמות — אמן. **והשנית** זיי וויסען אז דאס צוקערגעשעפט איז פאר מיר טאקי קיין געשעפט נישט: ערשטענס איז פון די גרויסע צוקערמעקלערס נישט אויסצושטעהן; איידער מע טהוט זיך א ריהר פליהט אונטער דער גרעסטער פון אלע צוקערמעקלערס, רב ברוך גאטסשטריימעל, און האפט אויס פון אונטער די הענד, חאטש ער איז א גרויסער גביר, און געה לאד איהם צום „ונתנה תוקף". וועסט דו דאך פרעגען: היתכן? וואו איז יושר? זאלסט דו וויסען, אז אזעלכע קשיות אין יעהופעץ פרעגט מען נישט; יושר איז דא נישט קיין מטבע; קיין „צוליעב" מיט קיין „רחמנות" איז דא נישטא; דאס איז איין מאל א וועק. צווייטענס, פרעג איך דיך, וואס איז דאס פאר איין עסק אט דאס צוקערגעשעפט. אז טאג ווי־נאכט בעדארפסט דו קוקען אויפ'ן הימעל און בעטען גאט אז א טאג זאל

פון די גריכען, האט דאך יהודה דעם פיינד מנצח געווען און גרויסע גבורות בעוויזען און האט בעפרייט דאס יודישע לאנד...

דעם 25־טען טאג אין כסלו איז יהודה המכבי אלס זיעגער אריין אין ירושלים און אפגערייניגט דעם בית־המקדש פון די אפגעטער און דער טאג איז אויף אייביג געווארען דער טאג פון פרייד און פרייהייט.

אט דאס זענען געווען די חשמונאים, דאס איז דער גרויסער אונשטערבליכער העלד יהודה המכבי און דאס איז דער נס חנוכה, וואס מיר פייערן יעדעס יאהר. זאלען די ליכטליך, וועלכע מיר צינדען אן יעדעס יאהר צום אנדענקען פון יענער צייט, אויפוועקען אין אונזערע הארצער טריישאפט און ליעבע צו אונזער פאלק און שטאלץ פאר אונזערע געשיכטע און אונזערע העלדען, אום זיכערער צו קוקען אין די צוקונפט און ארבייטען פאר דעם נייען לעבען פון אונזער פאלק!... N.

---

## ציוניסטישע פראגען.

כדי צו מאכען זיך א קלארען בעגריף וועגען אונזער לאגע איז וועניג צו לעבען צוזאמען מיט אונזער מאסע און צו פיהלען מיט איהר צוזאמען איהרע צרות. דאס געשריי פון די הונגעריגע פערשטיקט אין אונז די געדאנקען וועגען אנדערע וויכטיגע אינטערעסען און מיר הערען אויף אליין צו זעהען און צו פיהלען און אונז דוכט זיך דאן אז די יודישע פראגע איז נור א ברויט פראגע. עס ווערען פערגעסען די ווערטער פון אונזער תורה: לא על הלחם לבדו יחיה האדם. עס ווערען געשאפען מיינונגען, אז אין דער וועלט הייננט אליין אפ נור פון דער עקאנאמישער לאגע. אין אמת'ן אבער האבען די מענשען נאך פיעל אנדערע און העכערע שטרעבונגען ווי די עקאנאמישע און אז אפילו אלע מענשען וועלען זיין זאט, וועט דאן די מלחמה צווישען די פעלקער ניט אויפהערען, זי וועט נור אריבערגעטראגען ווערען אויף אנדערע זייטען, וואס קעהרען זיך אן צו זייער קולטור, צו זייער גייסט.

ערווייטערט מען זיך אבער צו ווייט פון פאלק, אז מען הערט אויף גאר אין גאנצען צו פיהלען זיינע ליידען און צו הערען דאס געשריי פון די הונגעריגע, דאן פיהלט מען ניט מעהר די געפעהרליכקייט פון אונזער איצטיגער לאגע און מען שאפט געדאנקען, מיט וועלכע מע וויל טרייסטען דעם פאלק, אבער מען זוכט נור צו רעטען אנ'אויסערוועהלטען טהייל וואס זאל קענען אויפהאלטען א שטענדיגען פייער אויפ'ן מזבח פון פאלק, אדער עס ערשיינען אזוינע מיינונגען אז דאס יודישע פאלק איז אנ'אנדער ארט פאלק פון אלע אנדערע, דאס איז א פאלק, וואס ניט קיין פייער און ניט קיין וואסער קענען איהם ניט נעהמען.

זוכענדיג א מיטעל ווי צו רעטען אונזער פאלק דארפען מיר האלטען אין זינען אי זיין עקאנאמישע לאגע אי זיינע היסטארישע אידעאלען.

די מענשליכע בעדירפניסען ווערען איינגעטהיילט אין עקאנאמישע און אין קולטורעלע. די לעצטע בייטען זיך און פערענדערן זיך לויט די פערשיעדענהייט פון ארט, צייט און ארט לעבען. צו בעפרידיגען זיינע בעדירפניסען שטרעבט דער מענש און ארבעט און סטארעט זיך אם גיכסטען און אם לייכטעסטען צו דערגרייכען זיין צוועק. די פערשיעדענהייט פון לענדער און קלימאטען ברייננט אויך פערשיעדענהייטען צווישען דער מאסע, זי הערט אויף צו זיין אומעטום דיזעלבע און צופאלט אויף פערשיעדענע שבטים נאציאנען און קלאסען צו פערשטעהען די בעוועגונגען און פערענדערונגען אין היסטארישען לעבען פון פעלקער דארף

---

גערן א רעגנען און א טאג זאל ניט געהן קיין רעגען, ווארום אז דו קומסט צו א שפעגעלאנט, למשל צו זלאטאפאליר, און לייגסט איהם פיר ער זאל קויפען א צעהענטוויזענד פוד צוקער, ווייזט ער מיר מיט'ן פינגער אויפ'ן הימעל: איהר זעהט ווי עס חמארעט זיך אויף א רעגען?" מילא וואס איז שייך, זאג איך, חמארען חמארעט זיך שוין די דריטע וואך און קיין רעגען, זאג איך, געהט אליין נישט! — „נו, מאכט ער, קאנט איהר מיר אפשר ערוב זיין אויף ווייטער אז עס וועט נישט געהן קיין רעגען?" — וואס איז שייך, זאג איך, ערוב זיין, איך בין דען א גאט? — היינט וואס זשע, מאכט ער, רעדט איהר? זאגט זשע, אז איהר ווייסט גלייך מיט מיר!" נו וואס ענטפערט מען איהם פאר א תירוץ? בין איך מיך מישב, אז ס'איז יא אזוי, בעדארף מען איבערקעהרען דעם פעלץ און מע בעדארף זוכען א מוכר, דאס הייסט אזא שפעגעלאנט, וואס שרעקט זיך ניט איבער פאר קיין חמארע און האלט, אז עס וועט געוויס געהן רעגען און צוקער וועט געוויס זיין בזול-הזול. קום איך צו צו רב אהרן מירסקי און מאך צו איהם: רב אהרן, אפשר וואלט איהר פערקויפט א צעהנטוויזענד פודליך צוקער אויף איבער א יאהר אפריל מאי, ווארום סע חמארעט זיך, זאג איך, אלע טאג אויף א רעגען? — „איהר זענט, מאכט ער צו מיר, משוגע צי חסר דעה? איהר ווילט מיר א פנים איינרעדען, אז איהר ווייסט בעסער פונ'ם לוח? גאט זעהט, זאגט ער, וואס דער לוח שרייבט, אויף היינטיגען חדש, פון ט בו, ביז כב בו גרויסע היצען, און אויף דעם אנדערען חודש שרייבט ער פון יב בו ביז יח בו ערטערווייז רעגענס; איהר פארשטעהט חאטש, מאכט ער צו מיר, דעם פשט פון דעם ווארט ערטערווייז? ערטערווייז אויף לוח-לשון הייסט, אז איך וויל זאג איך עס געהט א רעגען, אז איך וויל געהט ניט קיין רעגען, היינט ווי אזוי פאלט אייך איין אזא משוגעת, אז איך זאל זיין א מוכר אויף צוקער?" — אם כן, זאג איך, קויפט-זשע א צעהנטויזענד פודליך צוקער. „האב איך מורא, מאכט ער, טאמער געהט א רעגען". — אז איהר האט מורא פאר א רעגען, זאג איך, היינט פאר וואס זאלט איהר טאקי ניט פערקויפען קיין צעהנטויזענד פוד צוקער? — „האב איך מורא, זאגט ער, טאמער געהט ניט קיין רעגען" — היינט פאר וואס זשע, זאג איך, זאלט איהר ניט קויפען קיין צוקער? — „ע, מאכט ער צו מיר, איהר זענט דאך טאקי עפיס א איינגעגעסענער יוד! איהר האט מיר אזוי פארדולט מיין קאפ, אז איך ווייס שוין טאקי ניט וואס צו טהון: צי זאל איך קויפען צוקער צי זאל איך פארקויפען? געהט אייך, זאגט ער, געזונדערהייט! הכלל איך האב ארויסגעזעהען, אז דער עסק איז ניט פאר מיר; מע בעדארף זיין א גרויסער עזות-פנים, דעם לוח מאכען מיט דער בלאטע, און דעם שפעגעלאנט איינדרונגען, אז ער פארשטעהט ניט פון דאנען א היין, אזוי ווי רב ברוך טהוט, און אזוי לאנג רעדען, ביז עס זאל איהם נמאס ווערען הערענדיג און עס זאל איהם באשלאגען א קאלטער שוויים. . . איין גאט איז אבער יודע דעם אמת, אז איך קאן דאס נישט, איך האב ליעב צו פארדיענען א קערביל בכבוד, מיט גאטסהילף, איך האב איצט א געשעפט אין די הענד, ווייס איך אז ס'איז א געשעפט; היינו איך דרעה מיך ארום געלד, איך מאך הלוואות, שקאנטע, דאס הייסט איך לייה און פארלייה געלד אויף וועכסעליך, דאס הייסט איך שקאנטיר דער וועלטס וועכסלען, און דווקא אויף בעלי-בתישע פראצענטען, ווי זאגט ער, ווינציגער פארדינט אבי געשלאפען רוהיג. דאס איז אזא מין עסק, וואס מע גיט דיר אפ כבוד פון אלע זייטען, ווארום אז מע בעדארף האבען די קלינגערס ווערד מען ווייך ווי טייג, מע קריכט אין דער ערד אריין און מע זאגט צו דעם מעקלער גילדענע בערג . . . אט האט מיר גאט צוגעשיקט איינעם א געוועזענעם פון בארדיטשיוו, איך האב מיך מיט איהם באקענט אויף דער אכסניה וואו איך שטעה — א זעלטענער יונגערמאן מיט א גילדענעם כאראקטער, ער זאגט מיר צו, אז אויב איך מאך איהם היע א קרעדיט פון א צעהן-פופצעהן טויזענד קערבליך, וועט ער מיך אזוי שיין באפרידיגען, אז איך וועל פערשפארען זיין א מעקלער. . . און הגם איך האב איהם ביז אהער קיין געלד נאך נישט געקרוגען, נאר צו גאט א האפנונג, אז איך וועל אם-ירצה השם מיט גאט'ס הילף געוויס קרוגען. . . אלע מעקלערס וואס דרעהען זיך דא ארום געלד, ווערען גליקליך, פאהרען ארויס מיט אייגענע פערדליך. איין אייגען פערד-און-וועגעלע זאלסט דו וויסען אז א סגולה צו פרנסה, ווארום דא, אין יעהופעץ, האט מען פאר א שען פערד-און-וועגעלע אסך מעהר דרך ארץ ווי פאר א מענשען... איך שמים עס גלאט א קעגען דרינען, און מחמת איך בין פארנומען און האב קיין צייט ניט מאך איך דאס בקיצור. אם-ירצה-השם אינים אנדערען בריעף וועל איך דיר ארויסשרייבען אלסדינג באריכות, לעת-עתה לאז גאט געבען מיט געזונד און מיט הצלחה. גריס די קינדער און איטליכען בעזונדער גאר פריינדליך.

ממני בעלך מנחם מענדיל.

עיקר שכחתי וואס דו שרייבסט מכח קאפיל'ס אנזעץ האט דאס ביי מיר א שענעם פנים קעגען די היגע אנזעצען! א סוחר וואס האט נאך ניט אנגעזעצט קיין דריי מאל הייסט דא גאר קיין סוחר ניט. א מאל פלעג דא זיין א מאדע, אז איין אנזעצער האט געמוזט מאכען איין אפטריט; היינט איז שוין געווארען אזים מאדע אנטלויפען; מע נעמט צונויף די עטליכע קערבליך, מע בויעט זיך אויס א הייזעל, מע מאכט חתונה קינדער, און מע זעצט זיך שטילערהייט אן און מע איז ווידער א פיינער מענש. . . דא הייסט דאס גארניט „אנזעץ"; דא הייסט דאס „ער צאהלט ניט", דאס הייסט ער וויל ניט צאהלען און-רוף מיך קנאקניסעל! — און וואס דו פרעגסט זיך נאך וואס באדייט „שאדערזאנקעס מיט שאנשענעטקעס", קאן איך דאס דיר נישט ארויסגעבען אויף פאפיר; אויף לשון-קודש הייסט דאס „פלגשים" און בלשון-אשכנז רופט מען דאס „קעפסווייבער". נאר מעגסט מיר גלויבען בנאמנות, אז עס קריכט מיר אין דער לינקער פאה.

(פארטזעצונג קומט).

---

מען זיך רעכענען ניט מיט זייער עקאנאמישער לאגע אליין, ווייל אויך די קולטורעלע שטרעבונגען שפּיעלען שטענדיג א גרויסע ראלע און אפטמאל א סך א גרעסערע ווי די עקאנאמישע. אידעען, געדאנקען און אידעאלען זענען דער וויכטיגסטער טהייל פון היסטארישען לעבען און זיי זענען אפטמאלס די איינציגע רעדער וואס בעוועגען דעם לעבען פון פאלק און וואס רופען ארויס פערשיעדענע שטרעבונגען און פערענדערונגען. דערהויפּט זעהען מיר דאס אין לעבען פון אונזער נאציאן. וואס איז א נאציאן? מיר מיינען צוזאמען מיט דובנאוו'ען, אז א נאציאן הייסט א קולטור־היסטארישע פערבינדונג פון מענשען, וועלכע האבען דעמזעלביגען האראקטער. גלייכע בעגריפע וועגען מוסר און דיזעלביגע היסטארישע ערינערונגען, מיט וועלכע זיי ווערען אפּגעשיידט פון מענשען פון אנ'אנדער פערבינדונג. די עהנליכקייט שטאמט דערפון, וואס א טהייל פון מענשען האט לאנג געלעבט צוזאמען און זייענדיג אין איין לאנד אונטער איין קלימאט און פיהרענדיג דאס גלייכע פאליטישע לעבען האט ער נעקראגען עהנליכקייט אין ארט פון דענקען און פיהלען, אין זיין גלויבען, אידעאלען און שטרעבונגען. מיט דער צייט ווערט דאס באנד וואס פערקניפּט מענשען אין איין פאלק אזוי שטארק, אז ווען זיי ווערען אפילו צוזייט און צושפּרייט אין פערשיעדענע לענדער הערען זיי ניט אויף זיך צו פיהלען, ווי איין פאלק, ווייל אויך נאכדעם זענען זיי נאך פערבונדען און צוזאמענגעהאלטען דורך די זכרונות פון דעם פריהערען לעבען אין איינעם, דורך דעמזעלביגען גלויבען און מנהגים, דורך דיזעלביגע בעגריפע פון מוסר און דורך דיזעלביגע אידעאלען, וואס זענען אויסגעארבעט געווארען פריהער, בשעת מען האט נאך געלעבט צוזאמען אין איין לאנד. אונזער פאלק איז דאס איינציגע וואס לעבט צוריסען אין שטיקער אין אלע לענדער פון דער וועלט און איז פערבונדען דורך דעם אמאליגען לעבען. קענען מיר אויך ווייטער בלייבען לעבען אלס פאלק אהן אנ'אייגען לאנד, אזוי ווי עס מיינט הערר דובנאוו, אדער ניט—דאס איז די פראגע.

אונזערע לעזער דארפען מיר ניט דערצעהלען, ווי אונזער עקאנאמישע לאגע ווערט פון טאג צו טאג אלץ ערגער און ווי אונזער קולטור פאלט אלץ מעהר און מעהר. מיר קענען ניט האפען אז די עמאנציפּאציאן וועט אונז העלפען. דאס נאציאנאלע לעבען הויבט אן אומעטום ווערען אלץ שטארקער, מע הערט איצט שוין אויף צו קוקען אויף נאציאנאליזם ווי אויף א פינסטערניש. די פרייעסטע פארטייען הויבען אן צו פערשפּרייטען נאציאנאליזם און נעהמען איהם אריין אין זייער פּראגראם. נאציאנאליזם איז איצט געווארען דאס צייכען פון קולטור, בילדונג און פּראגרעס. וואס קענען מיר אבער טהון, וואו וועלען מיר אונז אויף אזוי אופן געפינען א פּלאץ אין פרעמדע לענדער און צווישען פרעמדע פעלקער? וואס וועלען העלפען אונזערע טענות, אז מיר זענען געוועזען די ערשטע וואס האבען געגרינדעט א קולטורעלען מרכז אין אלעקסאנדריען פון מצרים? האבען מיר דען רעכט אויף יענעם ארט, ווער וועט אונזערע טענות אויסהערען? וועלען מיר אפשר זאגען, אז אזוי ווי רום האט איינגענומען אונזער לאנד האבען מיר רעכט צו וואהנען אין אלע לענדער פון דער פריהעריגער רומישער מלוכה און פאדערן פאר זיך נאציאנאלע רעכטע? ניט מיט אונזער אייגענעם רצון זענען מיר צושפּרייט און צוזייט געווארען איבער דער גאנצער וועלט, און עס וועט אונז ניט העלפען וואס אין פיעל לענדער פון מערב־זייט פון אירופא האבען מיר זיך פריהער בעזעצט ווי די איצט הערשענדע פעלקער, און עס וועלען ניט העלפען אונזערע רייד אז מיר האבען אין די לענדער קולטור און בילדונג פערשפּרייט, בעת אנדערע פעלקער זענען נאך געוועזען ווילד און בעת א פינסטערער וואלקען האט נאך בעדעקט דעם הימעל פון אירופא. מיט וואס זענען מיר געווארענט אז דאס פערהאלטען פון אנדערע פעלקער צו אונז וועט זיך פלוצים איבערבייטען צו גוטען און אז עס וועט זיך שוין אפילו יא איבערבייטען וועט דאס אויך אונז ניט קענען אויפריכטען פון אונזער ארומקייט און עס וועט ניט קענען צוריק אנצינדען דאס פייער פון אונזער קולטור וואס ווערט אלץ מעהר אויסגעלאשען.

חיות ווערען אפט געראטעוועט פון געפאהר דורך דעם וואס זיי האבען די פארב פון זאמד אין וועלכען זיי לעבען אדער די פארב פון וואלד אין וועלכען זיי בעהאלטען זיך. דאס איז אזא ארט פון אסימילירען זיך וואס ליגט אין דער טבע, זי האט זיך אויך ניט איינמאל בעוויזען אין יודישען לעבען. די יודען האבען אפט איבערגענומען ביי אנדערע פעלקער דאס וואס זיי איז געוועזען ניצליך. זיי האבען זיך געלערנט ביי זייערע שכנים אין מצרים, אשור און בבל, ביי די אראבער אין שפּאניען און ביי אלע פעלקער אין אירופא. דורך דעם זענען ענטשטאנען ביי די יודען פערענדערונגען, וועלכע „די צייט האט פון זיי געפאדערט", און דאס האט געגעבען דעם יודישען לעבען שטענדיגע פרישקייט. די יודען זענען אבער ניט געוועזען ווי מאלפּעס וואס האבען נאר נאכגעטהון אנדערע, זיי האבען זייער זעלבסטשטענדיגקייט ניט פערלארען, זיי האבען אנגענומען נור דאס וואס זיי האבען געפונען ניצליך פאר זיך און אלעס האבען זיי איבערגעארבייט נאך זייער גייסט און נאך זייער האראקטער. אנ'אנדער ארט פון אסימילאציאן אבער האט זיך אנגעהויבען פון מענדעלזאנ'ס צייט. פריהער פלעגען די יודען זיך סטארען צופּאסען דאס פרעמדע צו זיך, צו זייער גייסט, פון מענדעלזאנען אן איז געווארען פערקעהרט, מע האט אנגעהויבען זיך צו סטארען אויסצומעקען די זעלבסטשטענדיגקייט און דאס אייגענע צו צופּאסען צום פרעמדען לעבען, צום פרעמדען גייסט. די אסימילאציאן האט געוואלט פערשטיקען גאר אין גאנצען דאס יודישע נאציאנאלגעפיהל, מען האט געוואלט פון די יודען מאכען דייטשען, פראנצויזען, אזא ארט קאשע, וואס זאל גיכער קענען גאר אין גאנצען איינגעשלונגען ווערען. די ארט פון אסימילאציאן האט אונז ערנידריגט, אנדערע אינטערעסען זענען אונז געווארען טהייערער ווי די אייגענע. גבריאל ריסער, וואס האט זיין גאנץ לעבען געקעמפט פאר די יודישע רעכטע אין דייטשלאנד האט זיך ניט געשעמט צו זאגען, אז די איינהייט פון דייטשלאנד איז איהם טהייערער פאר דער יודישער עמאנסיפּאציאן. נאך גבריאל ריסער איז אויסגעוואקסען א גאנצע פארטיי פון אסימילאטארען, וואס האט נאר אין גאנצען פערגעסען אן זייער פאלק אדער וואס האט זיך געסטארעט אויסצוראטען ביי אונזער פאלק דאס וואס ווערט ביי יעדעם אנדער פאלק גערעכענט פאר דאס טהייערסטע און הייליגסטע.

אונזער פאלק איז אבער ניט געגאנגען נאך זייערע פאלשע נביאים, די אסימילאטארען. בעהארצט און קרעפטיג זענען די יודען אויסגעשטאנען צרות אהן א ברעג און זיי האבען זייער פאהן ניט ארויסגעלאזען פון זייערע הענד. אונזער פאלק וויל בילדונג, אבער ביי זיך, אין זיינע נאציאנאלע שולען, ער וויל ליכט און לעבען אבער אין זיין אייגענער קולטור, אין זיין אייגענער ליטעראטור. אונזער פאלק וועט זיך קיין מאל ניט אפּזאגען, זיך צו לערנען ביי אנדערע פעלקער, איבערצונעהמען זייער גוטע מעלות, אבער דאס וואס מיר נעהמען איבער וועלען מיר בעארבייטען זעלבסטשטענדיג, כדי אפילו דאס פרעמדע זאל קענען שטארקען אונזער קראפט און ווערען א מיטעל אונז צו פערטהיידיגען אין אנ'עת סכנה, מיר זאלען פון אנדערע ניט צוריבען און ניט איינגעשלונגען ווערען. דער גרעסטער טהייל פון אונזער פאלק וואס שטעהט אויס אלע געפאהרען און ווערט ניט אסימילירט איז א סך א סך געזונטער פאר אונזער אינטעליגענץ מיט איהרע אויסגעלאשענע נאציאנאלע געפיהלען וועלכע האט ניט געהאט אין זיך דעם כח אויפצוהאלטען די אוצרות פון אונזער אומה, אונזער נאציאנאלע קולטור.

די אסימילאציאן איז אונזער טויט, קיין האפנונגען אויף א נאציאנאלען לעבען אין איראפּא קענען מיר ניט האבען און אונזער עקאנאמישע לאגע ווערט אלץ ערגער און ערגער. זוכענדיג א מיטעל ווי האטש צו פערבעסערן די מאטעריעלע לאגע האט אונזער פאלק אנגעהויבען מיט א קלעמעניש אין הארצען צו עמיגרירען אין די ווייטע לענדער. וואוהין איז מען ניט געפאהרען? קיין טראנסוואל, אמעריקא, ארגענטינע, אויסטראליען, נאך איין בארון פאהרט מען קיין אפריקא, נאך דעם אנדערען קיין ארגענטינע. וואס ווערט אבער דארט פון אונזערע ברידער? מע פאלט אלץ נידריגער אי גייסטיג אי עקאנאמיש, מע חאפּט זיך צו די שעדליכסטע און די מאוס'סטע פּרנסות, — און אזוי פאלען די יודען, וועמעס פאטערס און ברידער האבען געליטען און זיך מוסר נפש געוועזען פאר זייער גלויבען.

ניין, אונזער רעטונג וועלען מיר אין יענע ווייטע לענדער ניט געפינען, מיר וועלען זי אויך ניט געפינען אין ציפערן, וואו די גריכען שארפען שוין אויף אונז די ציין, מיר וועלען דארטען ניט האבען קיין רוב, ווי הערר טריעטש מיינט. דאס רוב קענען מיר אונז שאפען נור ביי זיך אין דער היים, אין ארץ ישראל. אונזער איינציגע האפנונג איז, אז אין פאלק וועט אויפגעוועקט ווערען זיין בעוואוסטזיין, אז אונזער פאלק וועט אנהויבען צוריק פיהלען זיין אלטע קראפט, אז אין קאפ וועט ווערען אויפגעשריבען מיט פייערדיגע אותיות דער זין פון ציוניזם און אין הארצען וועט זיך אנצינדען די האפנונג אויף גליק און פרייהייט! דער שטארק און קלאר אויסגעדריקטער ווילען פון אונזער פאלק וועט געבען דעם ציוניזם מעהר קראפט, אהן דעם פאלקס רצון וועט מען גאר נישט דערגרייכען — דערפאר דארף זיין אונזער ערשטע ארבייט, צו געבען אונזער פאלק אייראפעאישע קולטור, זי אנווענדענדיג צו אונזער לעבען און צו אונזער גייסט, צו קרעפטיגען און הויבען אין אונזער פאלק די יודישע קולטור און צו וועקען אין איהם די ליעבע צו אונזער אלטען לאנד. (·)

פון רוסיש איבערגעגעבען פון י. ל.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

לעדיסמיט איז נאך אלץ ניט געפאלען. די מלחמה ווערט אלץ ערנסטער. אין ענגלאנד זענען שטיל געווארען אלע שטימען געגען דער רעגירונג, יעדע קריטיק האט אויפגעהערט און אלע פארטייען זענען בעגייסטערט מיט דעם איינעם וואונש, דורכצופיהרען דער רעגירונגס פלאנען. אין דער הינזיכט ווייזט אונז ענגלאנד א ביישפיעל, ווי געזונד דאס פאלק איז און ווי געזונד איז איהר לעבען. ווי פרעמד קומט דאס אויס אונז יודען וואס פערגעסען קיינמאל ניט די אינטערעסען פון פרט אפילו אין די שווערסטע צייטען פאר'ן כלל. מען זאמעלט געלד און היל און מיט יעדעם טאג קומען אן אין אפריקע נייע ענגלישע שיפען מיט מיליטער. ענגלאנד האט שוין אריבערגעבראכט נייע 7000 סאלדאטען און א שווערע צייט טרעט איין פאר די טראנסוואלער. זיי סטארען זיך וואס גיכער איינצונעהמען לעדיסמיט, וועלכע איז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, אבער זיי געלינגט ניט צו ברעכען די פעסטונג און די ענגלענדער גיבען זיך ניט אונטער, האטש זיי ליידען פון הונגער און האטש זיי האבען ווייניג געוועהר. זיי שטעהען בעהארצט קעגען די האלענדער, ווארטענדיג אויף הילף, וואס געהט זיי אויסלייזען. כדי אבער אפצוהאלטען די ענגלענדער, זיי זאלען ניט קענען קומען לעדיסמיט צו הילף האבען די האלענדער פערנומען די וועגען וועלכע פיהרען צו דער שטאדט און זיי האבען פערנומען א שטארקע פאזיציע ווייט אין נגב־זייט פון לעדיסמיט און בעלאגערן ציטערמארצבורג, די הויפטשטאדט פון נאטאל. אויף אזא אופן וועט דער ענגלישער גענעראל זיך ניט לאנג קענען האלטען אין לעדיסמיט און ער וועט סוף כל סוף זיך פארט מוזען אונטערגעבען מיט זיין גאנצען חיל. דאס וועט זיין א גרויסער קלאפ פאר ענגלאנד, אבער פון דעסטוועגען וועלען די בויערן דאך ניט לאנג קענען שטעהן א קעגען די ענגלענדער. די סימפאטיען וואס גאנץ אייראפא בעווייזט טראנסוואל האבען ניט קיין גרויסען פראקטישען ווערט, קיין מלוכה און קיין פאלק וועלען זיך ניט אריינלאזען אין אזא פאר זיך געפעהרליכע פאליטיק, אנצוהויבען א קריג מיט ענגלאנד, פון וועלכע קיין מלוכה קען פאר זיך ניט האבען קיין נוצען. די סימפאטיען זענען אם שטארקסטען אין דייטשלאנד, וואו מען האט געמאכט גרויסע פאלקס־פערזאמלונגען און מען האט פראטעסטירט געגען ענגלאנד און אויסגעדרוקט די ליעבע צו די טראנסוואלער. די פראטעסטען אבער האבען נור געבראכט דעם רעזולטאט דאס דער דייטשער קייזער, וועלכער האט זיך שוין פון פריהער געקליבען פאהרען קיין ענגלאנד, איז איצט דארטען אוועקגעפאהרען ניט אלס קייזער, נאר אלס דער ענגלישער קעניגינס א אייניקעל. זיין רייזע, ווי מע האט אפיציעל מודיע געווען, האט קיין פאליטישען חאראקטער, נאר א פריוואטען, א חאראקטער פון פאמיליע־בעזוך. די סימפאטיען פון אייראפא וועלען אפילו אויך ניט קענען בעווירקען אויפ'ן שלום, וואס ענגלאנד וועט נאך דער מלחמה שליסען מיט טראנסוואל. די ענגלישע רעגירונג האט ערקלערט, אז זי וועט אויף קיין אופן ניט צולאזען זיך אריינמישען אנדערע מלוכות אין איהר קריג און אין איהרע פערהאנדלונגען מיט טראנסוואל. איין פריינד האבען נור די טראנסוואלער, וואס קען אויך פערגעסען אן אלע פראקטישע נוצען און זיך שטעלען זיי צו הילף, דאס זענען די האלענדער וואס וואהנען אין א גרויס צאהל אין קאפלאנד און נאטאל. די לעצטע דעפעשען דערצעהלען, אז אין גאנץ קאפלאנד איז א גרויסע בעוועגונג, אין די ערטער וואו די טראנסוואלער קומען, שטעהען גלייך צו צו זיי אלע האלענדער, וואס זענען ענגלישע אונטערטהאנען, און מען האט אין ענגלאנד זעהר מורא, אז אין קאפלאנד זאל אויך ניט אויסברעכען א מרידה, אין וועלכער די טראנסוואלער קענען געפונען פאר זיך א גרויסע שטיצע.

די בעראטהונגען אין פראנצייזישען פארלאמענט האבען אין דער לעצטער צייט צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער וועלט. וויכטיגע זאכען זענען פארגעקומען די לעצטע חדשים אין פראנקרייך, בעת דער פארלאמענט איז געוועזן פערמאכט. אין דרייפוס'עס משפט, אין די פיעל ארעסטען און די פערענדערונגען אין מיליטער, און די שטראף וואס האבען געקריגען א סך גענעראלען און אפיצירען האט דאס מיניסטעריום געהאנדעלט גאנץ זעלבבטשטענדיג און מיט ענערגי און קראפט האט וואלדעק־רוסא רודף געווען די פיינד פון דער רעפובליק און האט זיך געסטארעט צו געבען פראנקרייך די רוהע אויף וועלכע זי הארט שון יאהרען לאנג. די אנטיסעמיטען און אלע אנדערע קאנסערוואטיווע פארטייען האבען געווארט אויפ'ן עפענען פון פארלאמענט, כדי צו פאדערן פון מיניסטעריום דין־וחשבון פאר זיינע מעשים, צו מאכען איהם שוויריגקייטען און זעהן צו געווינען דאס רוב פון פארלאמענט אקעגען די יעצטיגע מיניסטארען. פראגען און בעשולדיגונגען האבען זיך געשאטען אהן א שעור, אבער אלע פארטייען, וועלכע זענען טריי דער רעפובליק האבען זיך פעראייניגט צוזאמען צו פערטהיידיגען דאס מיניסטעריום, כדי מיט זיין פאלען זאלען זיך צוריק ניט ארויפהייבען און פערשטארקען אלע ליעבהאבער פון פינסטערניש און פאלשקייט. נאך אלע וכוחים האט זיך אויסגעלאזען אז דאס רוב פון פארלאמענט האט אויסגעדרוקט זיין צוטרויען און טרייהייט דעם מיניסטעריום. דאס רוב איז איהם דאנקבאר פאר זיין ענערגישער ארבייט אפצושאפען די אונארדנונגען און פאר דאס ביסעלע רוהע, וואס איז איינגעטרעטען אין פראנקרייך, דער נצחון פונ'ם מיניסטעריום איז אין דער הינזיכט וויכטיג, וואס ער האט געשטארקט אויף לאנג די רעפובליקאנישע פארטיי. ניט אזוי גיך וועלען זיך ווידער געפונען בעלנים אין פראנקרייך צו טראכטען וועגען א נייער איבערקעהרעניש. די ארדנונג ווערט געשטארקט פון טאג צו טאג. דאס פערהאלטען פון די 17 פערזאן און פון זייערע פריינד, וועלכע מען בעשולדיגט, דאס זיי האבען געוואלט אומווארפען די רעפובליק, האט ארויסגערופען צו זיי האס און פעראכטונג אין אלע בעסערע טהיילען פון פראנצויזישען פאלק און עס האט צוריק אויפגעלעבט די ליעבע צו דער רעפובליק. דער פאלקס יום־טוב, וואס איז געווען אין די טעג צום אנדענקען פון דער גרויסער רעוואליציאן, איז געווען הערליך און גלענצענד. אויפ'ן פלאץ אין פאריז וואו מע האט איצט א וועקגעשטעלט א מאנומענט זענען געווען דעפוטאציעס פון אלע שטעדט און פון אלע חברות פון גאנץ פראנקרייך. 250 טויזענד מענשען זענען מיט פאהנעס, מיט געזאנג און מיט מוזיק געגאנגען איבער די גאסען און בעגריסט די איצטיגע רעגירונג.

אין עסטרייך אבער איז מען נאך אלץ ווייט פון פריעדען און יום־טוב. די טשעכען בונטעווען זיך נאך אלץ און ניט אזוי גיך וועלען זיי זיך אונטערגעבען און זיך אפזאגען פון זייער נאציאנאלע אינטערעסען, בעזונדערס ווען זיי ווייסען גאנץ גוט אז דאס רוב פון פארלאמענט איז פאר זיי. זייער פאליטיק בעשטעהט איצט נור אין דעם צו פערגרעסערן די אונארדנונגען, צו שטערען די רעגירונג, כדי דער איצטיגער מיניסטער זאל מוזען אפטרעטען און איבערגעבען זיין שטעל אנ'אנדערן, וואס וועט צוריק אויפשטעלען די פריהעריגע גלייכהייט פון די שפראכען. ביי זיי אין לאנד זענען נאך אלץ דעמאנסטראציאנען און פאגראמען. זיי זאגען זיך אפ צו געבען וואהנונגען פאר די סאלדאטען און זיי שאפען פערשיעדענע שוויריגקייטען אין פינאנץ־פראגען.

י. ל.

## צייטונגס שטימען.

ה. ר. בריינין האט איבערגעגעבען דער „הצפירה" (229) א בריעף „פון זיין זיידען צום נייען דור". — פאר א „זיידען" מוז מען דרך־ארץ האבען און אויסהערען, וואס ער זאגט, חאטש ער רעדט נישט איין מאל צו פיעל...

„איך בין א יוד, — שרייבט דער זיידע" — וואס איז טריי זיין גאט, זיין פאלק און זיין טראדיציאן (מסורה) מיט אלע זיינע היילינקייטען. מיט מיין שטארקער אמונה, אז יודען וועלען א מאל אויפלעבען אין זייער עלטערנס לאנד — האב איך געלעבט ביז יעצט אין לעב נאך היינט, און מיין זעלע איז, ברוך־השם, רוהיג און זיכער. און וואס נייטהיגט אייך, מיינע יונגע ברידער (פאר וואס נישט — א י י נ י ק ל י ך ?) נייער דור, — וואס נייטהיגט אייך, פרעג איך אייך, אומצו־ווארפען די מויערן פון מיין אמונה מיט דעם הויך פון אייער מויל ? און ווען איהר זעהט, מיינע קינדער, אז איהר זענט צו שוואך דערצו, בייזערט איהר זיך און שעלט מיין גאט און מיינע מיינונגען. קומט נור קינדער, זאלען מיר זיך דורכרעדען !...

„איהר כעס'ט זיך אויף מיר, פאר וואס איך האב אייך מיט מיינע אייגענע הענד נישט געהאלפען וויסט צו מאכען די וועלט פון מיינע מיינונגען, — זענט איהר אבער גערעכט דערמיט ?... אז איך, ארמער מענש, וועל אין איין מאל חרוב מאכען מיין וועלט, וועט דען מיין שוואכע האנד קענען אויפבויען א שענערע, שטארקערע? מיט פיעל מיה און ארבייט האב איך מיר געקויפט מיין גייסטישע וועלט, וואס איך האב אין הערצען: די וועלט איז דורכגעוועבט מיט מיינע אדערן און נערווען און איז איינגעוואורצעלט אין מיין מח, און איהר, נארען, ווילט זי אין איין מאל הרוב מאכען, אז עס זאל פון איהר גאר נישט איבערבלייבען !. . .

„און וואס וועט איהר, יונגע לייט, מיר געבען פאר מיין גייסטישער וועלט, וואס איך האב מיר בעשאפען מיט'ן מארך פון מיינע ביינער, מיט מיין בלוט ?...

„אז מען שטעכט אויס איינעם א אויג, אדער מען צעברעכט איהם א האנד ווערט ער א בעל־מום. מען קען איהם איינזעצען א גלעזערן אויג, אדער א האלצערנע האנד, אבער לעבען, געפיהל און בעוועגונג קען קיינער דעם גלאז און דעם האלז נישט געבען...

„ווען איהר וועט זעהן, קינדער, אז א גנב פער'גנב'עט זיך צו מיר אין וויל ביי מיר א קליינינקייט גנב'נען, וועט איהר זיך גאר נישט וואונדערן, וואס איך לאז זיך נישט. און אז איהר אליין קומט צו מיר און ווילט מיר מיט חנופה גנב'ענען מיין מיינונג און מיין אמונה אן די גרויסע צוקונפט פון מיין פאלק, אן עווינקייט פון מיין נשמה און מיין אומה — וואונדערט איהר זיך, וואס איך גיב נישט אוועק מיט'ן גוטען ווילען מיין גייסטיש פערמעגען ?...

„אז איינער פון אייך, יונגע ברידער, וועט פאר א שפילצייג אוועקגעבען א אלטע מטבע, וואס ער האט גע'ירש'ענט פון זיינע עלטערן, — וועט איהם פאר חרטה דאס לעבען פער'מיאוס'ט ווערען, און פון מיר פערלאנגט איהר, אז איך זאל אומבייטען מיין גייסטישע ירושה, וואס איך האב גע'ירש'ענט פון מיינע עלטערן, וועלכע האבען איבער איהר מלחמה געהאלטען און מוסר־נפש געוועזען מעהר ווי דריי טויזענד יאהר, פון מיר פערלאנגט איהר, אז איך זאל אומבייטען די ירושה מיינע אויף אייערע נייע מיינונגען, וואס זענען אט ערשט געבוירען געווארען און נאך נישט געקענט גערייניגט ווערען, פון מיר פערלאנגט איהר, אז איך זאל פערשווענדען א גייסטיש פערמעגען — וואס איז געזאמעלט געווארען פון מיליאנען מענשען דורך מעהר ווי הונדערט דורות, — אין איין שעה !

„איהר קלוג דור, לאכט פון מיר, וואס איך גלויב אן גאט.

„. . . אבער איך גלויב אן איינציגען גאט, וואס האט קיין אנפאנג און קיין ענדע, און איהר האט פערביטען דעם לעבעדיגען גאט אויף קליינע טוידטע געצען. איהר האט פערביטען די „עשרת הדברות", וואס זענען געשריבען מיט שווארץ פייער אויף ווייס פייער — אויף פלוידעריי, וואס איז געשריבען מיט דונקלע טינט אויף שמוציגע שמאטעס.

„פאר וואס שוידערט אייך, ווען איהר הערט, אז איך האב ליעב און שעטץ די היילינע שריפט (תנ"ך), די ווערטער פון אונזערע נביאים און זייער מליצה. איהר, יונגע סופרים, האט דאך אויך „היילינע שריפט" „נביאים" פאר וועלכע איהר פאלט „כורעים". אבער ווי שוואך, ווי פערקלעקט און פערמעקט זענען די ווערטער פון אייערע נייע נביאים געגען די ווערטער פון אונזערע, יודישע נביאים פון פערצייטענס. . .

„איך זעה אויס ביי אייך, געבילדעטע און פרייזיניגע, ווי א ווילדער מענש, ווייל איך בענג נאך אונזערע עלטערנס לאנד, ווייל מיין נשמה ציהט און רייסט זיך צו דעם לאנד פון פאעזי. און איהר זענט מענשען פון ענדע דעם נייצעהנטען יאהר־הונדערט, דאריבער ווילט איהר בעסער זיין נע־ונד'ניקעס, ווי די ציגיינער, דעריבער ווילט איהר בעסער הענגען צווישען הימעל און ערד, אדער זיין צווישען דעם האמער און דעם אמבוס".

ווי מען זעהט, איז ה. בריינינס „זיידע" א גוטער „בעל־מליצה" און גאר קיין נאר נישט. עס איז נור א שאד, וואס ה. בריינין האט דעם בריעף נישט געשיקט אויף א ריכטיגען אדרעס. די „הצפירה", ווי מען ווייס, לעזען נישט קיין „אייניקליך", אויך נישט קיין „יונגע ברידער", וואס ווילען אלס צעשטערען און אלס אומווארפען, נאר „זיידעס" וואס ווילען געוויס נישט פערשטעהן בריינינס זיידעס ווערטער, און וועלין אודאי מיינען, אז די „אמונה", וועלכע ער ריהמט אזוי. זענען די „אלטע גוטע מנהגים" און די „יונגע לייט", וואס ווילען „אומווארפען די מויערן פון זיין אמונה", אויף וועלכע ער בייזערט זיך אזוי שטארק, — זענען די וואס פערלאנגען, אז מען זאל די „גוטע ארדנונגען" עטוואס פערבעסערן. און די ארדנונגען האבען די זיידעס אזוי ליעב און זענען צו זיי אזוי צוגעבונדען, אז ווען זיי טראגען זיך אפילו איבער אין א נייע וועלט, אין אמעריקא, ווילען זיי אויך חלילה נישט ענדערן, האטש דארט זענען „די ארדנונגען" מעהר שעדליך, ווי דא אין דער היים. אפילו קינדער־ערציהונג וואס ביי אנדערע פעלקער ווערד פון יאהר צו יאהר פיעל אויסגעבעסערט, שטעהט דארט ביי אונזערע „זיידעס" אויף דעם זעלבען שטאנד, וואס זי איז געשטאנען ביי אונז פאר צווייהונדערט יאהר, און מיט פיעל זאכען איז זי דארט ערגער ווי ביי אונז.

„די ערציהונג ביי ליטווישע יודען אין די אמעריקאנער געטהא'ס (יודענגאססע) — שרייבט ה. מ. ז. רייזין אין „השלוח" 33־טעם העפט — איז מיט גאר נישט געענדערט פון די ערציהונג אין ליטא... נאר צווישען די רעזולטאטען פון די ערציהונג אין ליטא און אין אמעריקא איז יא א אונטערשיעד. אין ליטא גיבען די חדרים ארויס י ו ד ע ן, וואס ע"פ רוב פערשטעהען זיי לשון־קדש און תנ"ך מעהר אדער ווייניג און בלייבען טריי זייער אמונה און זייער פאלק; אין אמעריקא אבער, געהען די קינדער ארויס פון די חדרים און קענען זעהר ווייניג תנ"ך, און בריינגען נור ערביטערונגס-געפיהל מיט שפאט צו זייער אמונה און צו זייערע עלטערנס מנהגים.

„אין די גהעטא'ס זענען פארהאנען צווייערליי חדרים: אויף צו לערנען א גאנצען און א האלבען טאג, פון מיטאג ביז אבענד".

פון די חדרים, וואו די קינדער לערנען א גאנצען טאג טאר די רעגיערונג נישט וויסען, ווייל נאך אמעריקאנער געזעטץ, מוז יעדער שיקען די קינדער אין שולען. דערפאר זענען די דאזיגע חדרים ווייניגער ווי די אין וועלכע די קינדער לערנען נור פון מיטאג ביז 6 אדער 7 א זייגער אין אבענד. די חדרים, אין וועלכע מען לערנט א האלבען טאג זענען בעשטימט פאר די קינדער וואס פון 9 אוהר אין דער פריה ביז דריי נאך מיטאג לערנען זיי אין שולען.

די פאלקסשולען אין אמעריקא זענען זעהר שענע פאלאצען אין די יודישע גאסען אין נויארק זענען די שולען נאך גרעסער און שענער ווי אין גאנץ אמעריקא, ווייל נויארק איז רייכער ווי אלע אנדערע אמעריקאנער שטעדט, און ווייל קינדער איז אין די גאסען מעהר ווי אין אנדערע און יודען וואהנען דארט נישט לאנג, דאדורך זענען די שולען ניי. די אמעריקאנער עשירות זעהט מען דארט אין די בנינים, אין די ביכער, אין מעבעל א. ד. ג. די קינדער ווערען אנגענומען אומזיסט, זיי בעקומען נאך ביכער, פאפיער, טינט, בליישטיפטען — אלס פון בעסטען סארט.

אט, פון אזוינע שולען געהט דאס יודישע קינד נאכמיטאג אין שמוציגען, וויסטען, שווארצען, פערבלאטעטען, פערדעמפיגען חדר און זעהט פאר זיך דעם איינגעהויקערטען מלמד אין די צעריסענע שמוציגע

מלבושים, מיט'ן דארען, הונגעריגען פּנים, מיט די פּערוואלקענדע אויגען און מיט דעם "שענעם" לשון זיינעם.

"קען מען זיך וואונדערן — פרעגט ה. רייזין — אז דאס מאכט אויף דעם יונגען קינד'ס מה א גרויסען איינדרוק, וואס וועט קיין מאל ישט פערגעסען ווערען? קען מען זיך וואונדערן, אז דאס קינד, ווען עס ועט גרויס ווערען, וועט אין זיין הארצען נישט שפּירען קיין שום פערבינדונג צו זיין פאלק, צו זיין אמונה און שפּראכע?. . . אין דער שולע, רעכענט דאס קינד, זעהט עס דעם סימבאל פון דער געבילדעטער וועלט, מיט אלעם גוטען, וואס אויף איהר איז, און אין חדר — דעם סימבאל פון יודענטהום. . . דאס יודענטהום איז אלזא ביי איהם נור א מיאוס'ע טרויריגע וועלט. . ."

דער חדר אין אמעריקא איז נאך ערגער פונ'ם חדר אין ליטא. פון די ליטווישע מלמדים איז נאך די סכנה נישט אזוי גרוים, ווארום אמעהרסטען ווערד א מלמד א זיידענער "יונגער מאן", וואס האט דעם נדן אנגעוואהרען, אדער ער האט איהם קיין מאל נישט געהאט. אין אמעריקא אבער ווערט א מלמד ווער נור עס וויל, דער וואס האט א גרויסע בארד' און זעהט אויס ווי א למדן — ווערט א מלמד. אין ליטא האט אויך א קינד מורא פארן מלמד. ער האלט איהם אויך בכבוד, אין אמעריקא אבער זענען די קינדער ווילד און צולאזען און דער מלמד ציטערט פאר יי. . .

ה. רייזין פערזיכערט, אז ווען יודען וואלטען נעגרינדעט יודישע שולען, מיט גוטע ארדנונגען און גוטע לעהרער צו ערציהען אין זיי די קינדער אויף אמת'ע יודען, וואלט די עלטערן פיעל ביליגער געקאסט די לעהרע ווי אין די חדרים. וואס קען מען אבער טהון מיט די "זיידעס", וואס מיינען טאקי, אז אלץ, וואס אלט איז, אפילו שמוטץ, איז הייליג!

פ—ק.

---

## בריעף פון ארגענטינא.

ג.

### יודישע פרנסות אין דער שטאדט בוענאס־איירעס.

אין דער זעלבער צייט וואס די "צווייטע פרנסה" — דער מסחר מיט נענוצטע זאכען — איז אביסעל ג ע ש ל א ג ע ן געווארען און האט אויפגעהערט צו געבען די שפע וואס פריהער, איז ארויסגעשפּראצט א ישועה פון אנאנדער זייט און יודען האבען אויפגעזוכט אין בוענאס־איירעס א נייעס מין פרנסה, אבער טאקי גאר פון די נייעסטע, וואס איז ניט לאנג ע נ ט ד ע ק ט געווארען, שוין נאך דער ענטדעקונג פון דער צ ו ו י י ט ע ר א מ ע ר י ק א. דער ערשטער ערפינדער איז געוועזען אפילו, זאגט מען, גאר עפּיס א איטאליענער, אבער ער האט ניט פערשטאנען ווי אזוי זיך צו בעניצען מיט זיין ערפינדונג — יודען האבען עס בעסער פערשטאנען און האבען דערביי בעוויזען אזא חריפות, דאס פיעלע היעגע אלטע און נעניטע גאלד־זוכער האבען זיך גאר פאר די קעפ געהאפּט, זעהענדיג וויפיעל גאלד עס וואלגערט זיך אין דער צווייטער אמעריקא איבער די גאסען און קיינער איז ניט געפאלען אויפ'ן שכל עס צונויפצונעהמען. און די זאך איז, דוכט זיך, אין פלונג אזוי איינפאך, טאקי בתכלית הפשטות!

עס איז ידוע, דאס פיעל מענשען פון די ארומע קלאסען און אפילו פון מיטעלען גראד זענען ניט ביכולת ארויסנעהמען מיט אמאהל א נערוויסע סומע געלד אויף צוקויפען עפּיס א חפץ וואס זיי האבען נייטהיג; און דערום איז עס איינגעפיהרט געווארען אין פיעל מקומות דער עסק פון ארויסגעבען סחורה אויף אויסצאהלען ביסליכווייז. איבערהויפּט האט זיך עס פערברייטעט אין די גרויסע שטעדט, וואו די הצטרכות זענען בעונותינו הרבים גרוים און די תאוות—לא עלינו— נאך גרעסער און ווער עס וויל זיי גובר זיין מוז זיך אנטהון א כח. ביי דעם עסק שטעהט נאטירליך א שטיקעל ריזיקע, אבער אין דעם שלחן ערוך פון מסחר "הלכות־קרעדיט" איז עס בעווארענט. דארט שטעהט געשריבען, אז וואו עס איז דא א חשש פון ריזיקע איז מותר צו כפל'ען דעם רוח און דערמיט איז יצא הפסדו בשכרו. דא אבער אין בוענאס־איירעס, וואו די מענשען זענען ע"פ רוב אויפגעפארענע און איינער איז מיט דעם אנדערען אונבעקאנט, איז די ריזיקע שוין צו גרויס, האט קיינער זיך ניט געוואגט איינשטעלען.

מיט א יאהר דריי צוריק זענען אפאר יודישע סוחרים געפאלען אויף א המצאה און האבען געעפענט א געשעפט מיט דעם נאמען Venta per suscricion ד. ה. פ ע ר ק ו י ף ד ו ר ך פ ע ר ש ר י י ב ע ן ז י ך און בעשטעהט אין דעם, דאס יעדער איינער וואס דארף עפּיס א ארטיקעל קען זיך נור "פערשרייבען" און מתחייב זיין צו צאהלען אלע וואך אדער אלע חודש וויפיעל ער קען, און ווען ער וועט האבען אין גאנצען אויסגעצאהלט וועט ער בעקומען זיין סחורה. אויף דעם אופן איז עס געלעגט געווארען דער יסוד פון דער ד ר י ט ע ר פ ר נ ס ה, וואס האט דערנאך אנגעמאכט א גאנצע איבערקערעניש אין דער היעזיגער מסחר־וועלט; מסחר אהן קרעדיט ווייסען אלע אז עס קען קיין קיום ניט האבען און דא האט מען געעפענט קרעדיט פאר יעדערען פון דער נאס און נאך אויף אזא אופן וואס זה נהנה וזה לא חסר — יענעם א טובה געטהון און אליין, ווי זאגט מען עפּיס, אויך ניט דערליינט דער באבעס ירושה — פרייזען מעג מען שטעלען דאפּעלטע ווייל עס איז דאך אויף קרעדיט.

פון אנהויב איז נאך דער עולם געווען אביסעל רוי אין דעם עסק און פיעל פערשטאפּטע קעפ האבען ניט געקענט פערשטעהן ווער וועמען גיט קרעדיט און ווער עס חאפּט דערביי די מציאה — דער פערקויפער אדער דער קונה? מ'האט געמוזט צוליב דעם ארויסשיקען, ווי דא איז דער מנהג, לויפערס, זיי זאלען נעהן איבער'ן שטאדט מבית לבית ומפתח לפתח און "קנעלען" מיט יעדערען און געבען איהם צו פערשטעהען דעם ענין פון "פערשרייבען זיך"; די אומנות פון "לויפען" האט אין א קורצער צייט אויסגעשטעלט אזעלכע בריות, קינסטלער, וועלכע האבען געקענט מיט רייד אפילו פון א שטיין ארויסקריגען וואסער; פאר לויפער פלעגט מען אננעהמען יעדען, סיי א יודען און סיי א ניט יודען, דערויף האט מען ניט מקפּיד געווען; אבער פון די יודישע האבען זיך באלד אויסגעצייכנעט עטליכע, וואס האבען "קנעלענדיג" מיט אנדערע אליין אויך "א פעולה געהאט" אין זענען געקומען צום שכל אז דער נייער מסחר איז גאר קיין שלעכטער ביסען ניט, און אנשטאט צו "ארבייטען" פאר יענעם האבען זיי אליין געעפענט' ק א ס א־ס ד ע ס ו ס ק ר י ב צ י א ן אויף איינענעם חשבון; די אומנות איז געווארען נאך שווערער, פערשפּיצטער, זי איז שוין בעשטאנען ניט נור אין זוכען פון בעלנים אויף איינשרייבען זיך, נאר אויך אין אפּרייסען זיי פון אנ־אנדער קאסא (הויז), ווי עס פיהרט זיך.

עס האבען זיך אויך געפונען עטליכע פון די אומות־העולם, וועמען ס'איז געפעלען געווארען די יודישע המצאה, אבער מעהר פון אלעמען האבען זיך צו דער פרנסה א נעם נעטהון אונזערע אחינו בני ישראל; אין א משך פון אנדערטהאלבען יאהר האבען זיך אויפגעעפענט קרוב פון א מאה געשעפטען פון דעם מין און אזוי ווי דער שטייגער איז ביי אונז יודען נאכצוטהון יענעם, למאי יענער, לאמיך אויך! האט כמעט אלעמען בעהערשט דער זעלבער גייסט, יעדער איינער האט נור געזוכט האטש איינטונקען א שטיקעל המוציא אין האניג, האטש צושטעהן ערגיץ פאר א שותף צום גילדענעם עסק". פיעל וואס האבען פריהער געהאט היונה פון דער צווייטער פרנסה האבען זי פערביטען אויף דער ד ר י ט ע ר; בעלי־מלאכות האבען נעזוכט ווי עס איז אויפשלאגען עטליכע הונדערט טאלער אבי קענען חאפּען א חלק ערגיץ אין א קאסא. די קאנקורענץ האט זיך געשטארקט, די "רויפער" האבען שוין כמעט ניט געהאט ווי צו מאכען נייע קונים און האבען נור געקענט דורך שווינדלעריי אפּריידען איינער פונ'ם אנדערען. עס איז אזוי ווייט געקומען אז מע האט זיי אין הייזער ניט געוואלט ארויפלאזען אויפ'ן שוועל; זייער אומנות איז געווארען נאך שווערער, שכל'דיגער; קענען איינרעדען, טענה'ן, דאס איז שוין ווינציג, מע מוז אויך האבען א קופערנעם שטערן און קענען קאלטבליטיג אויסהערען וואס יענער טענה'ט און מאכען זיך ניט וויסענדיג. און ווער קען עס נאך ווי א יוד געהן קנעלען מיט יענעם, אויסהערען שפּאט און זלזולים און מאכען זיך ווי ניט איהם מיינט מען?

אין דער צייט וואס מיר שרייבען די דאזיגע שורות איז שוין די זאך אביסעל רעגעלמעסיגער געווארען; דער מאגנעט וואס האט פון אנהייב געצויגען אלעמען צו דער נייער דריטער פרנסה איז געווארען אביסעל שוואכער, ער האט שוין ניט דעם כח וואס פריהער; עטליכע קליינע געשעפטליך האבען גיט געקענט אויפהאלטען די קאנקורענץ און זענען געפאלען, ברעכענדיג דעם קאפ זיך און אויך אנדערע; דער שניידער האט זיך גענומען צוריק צו זיין שער, דער שמיד צו זיין האמער און דעסגלייכען יעדער וואס האט געזעהען אז ער איז א לא־יוצלח צו א רעכטען עסק האט געמוזט זוכען חיונה פון עפיס אנדערש.

דערפאר אבער די אמת'ע בריות האבען דעם עסק גענומען פעסט אין די הענד; זיי האבען איהם פערברייטערט און פערשטארקט, די קאנקורענץ האט זיי געצוואונגען צו עפענען אמת'ן קרעדיט, און ארויסגעבען די קונים זייערע ארטיקלען נאכ'ן איינצאהלען די העלפט פון זייער ווערטה אדער ווען ווייסענדיג אפילו גאר פאראויס; און א תרופה ווי אזוי זיך צו בעווארענען געפינט יעדער ווי אזוי ער פערשטעהט, צו שטעלענדיג עטליכע אייגענע הנהות צום שלחן־ערוך הלכות־קרעדיט. הגם צייטענווייס קומען נאך יעצט אויך צו בריות, וואס עפענען נייע הייזער, אבער דאס געהט שוין צו שפיל, אהן רעש און בכלל וואכסט יעצט דער עסק ניט אזוי פיעל אין דער ברייט ווי אין דער טיעף.

צו וואס ער וועט ברייגען מיט דער צייט איז שווער צו זאגען נביאות — מע קען נור מאכען אסך־הכל וועגען די פירות וואס ער האט שוין ביז יעצט געגעבען.

פון דרויסען, פון ווייטען קוקענדיג האט די „דריטע פרנסה" אביסעל א שענער'ן פנים ווי די צווייטע, זי איז עפיס ריינער, חשוב'ער לייטישער, ווי מע זאגט — מעהר איראפייאיש ווי יודיש און אז איראפייאיש איז דאך שוין כשר. מכח דער אינוויינגסטער ריינקייט, ווען מע זאל אריינקוקען אין תוך אריין, דרויף קען יעדער זאגען מבינות ווי ער פערשטעהט; דאס איז דאך געשעפט, גענאסיא, ווי מע זאגט אויף שפאניש, און אין דעם ענין פון געשעפט האט יעדער זיינע מיינונג, זיין השגה; אפילו אין דער גאנצער וועלט איז דא אין אזעלכע זאכען מעהר מקילים ווי מחמירים און א פשיטא שוין דא אין בוענאס־איירעס, וואו מען דארף א מחמיר זוכען מיט ליכט אין מיטען העלען טאג איז נאך אויך א ספק אויב מע וועט געפינען. און אננעהמענדיג דעם לשון פון אנענאסיאנטע קענען מיר אונטערפיהרען די אונטערשטע שורה מיט א צופרידענעם געמיטה; ערשטענס זענען פון דעם מסחר אויפגעקומען (טאקי פשוטו כמשמעו געווארען מטופלים פון צעהנדליגער טויזענד) עטליכע צעהנדליג פון אונזערע רוסישע יודען, דיזעלבע וואס האבען פאהרענדיג אהער זיך אפגעזעגענט אויף עוויג מיט דעם פערפלוכטען מסחר און גענומען אויף זיך צו אנהויבען פיהרען גאר א נייעם סארט לעבען. יעצט אז זיי האבען זיך מיט איהם צוריק איבערגעבעטען און זענען געווארען בעלי־תשובה, שטעהען זיי אויף אזא הויכער מדרגה, וואס ניט אללע צדיקים גמורים קענען זי לייכט עררייכען.

עטליכע פון זיי, ווען ס'איז געווארען ענג אין דער הויפטשטאדט, זענען זיך צופאהרען אין די פראווינצען, אין קלענערע שטעדט און מאכען דארט אויך דעם זעלביגען מסחר. אויף אזעלכע פירות, וואס זענען צייטיג געווארען אין אזא קורצער צייט קען מען זיך באמת חלילה ניט בעקלאגען. צווייטענס האט די דריטע פרנסה געגעבען אויך אנדערע פירות, וואס זעהען זיך אפילו ניט אזוי שטארק אן, אבער מע קען זיי אויך ניט אוועקמאכען אונטער'ן האנד. צו יעדען געשעפט, צו יעדער Casa ווערען געפאדערט העלפער, מיטארבייטער: אינקאסירער און, מעהר ווי אלס, לויפער. אויף זיי איז גאר קיין שיעור ניטא, וואס מעהר לויפער עס „ארבייטען" אין גאס איז אלס בעסער; און די אלע ווערען געליווערט פון די קאלאניעס; די שטאדט, די „גוטע לופט" שלינגט זיי איין און עס זעהט זיך אויף איהר גאר ניט אן אזוי ווי אויף פרעה'ס מאגערע קיה. . . און דערפון שפראצט שוין ארויס א שטיקעל ישועה פאר די קאלאניעס.

מילא די אלטע טאטעס דארט מוזען שוין ליידען! עס קומט זיי אן גענוג שווער דאס ברעכען זיך אין דעם נייעם סארט לעבען, אבער זיי קענען בעסער ניט מאכען, זיי זענען א פנים אין אזא שעה, אין אזא היסטארישער שעה געבוירען געווארען. אבער דער יונגער דור, די יונגע אונשולדיגע קינדער נעביך! פאר וואס קומט זיי פערשווארצט צו ווערען אויפ'ן פעלד? פאר וואס זאלען זיי אויסוואכסען ווילד, ניט קענען רעדען מיט א מענשען? וואס פאר א תכלית איז עס צו געהן מיט דער סאכע, קנעלען מיט די אקסען, מיט די פערד? אמעהר קומען זיי אין שטאדט, לערנען זיך אויס רעדען שפאניש און קומען צו א בעסערען תכלית קנעלענדיג מיט קונים!. . . און מע ציהט זיך איינער אויפ'ן אנדערען קוקענדיג, אין שטאדט אריין, וואו די גוטע לופט מאכט פון זיי לייט!!

יעקב בן יוסף.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

מען האט אונז צוגעשיקט עטליכע חשבונות פון פערשידענע יודישע חברות, דאס רוב פון חברות אין גרויסע שטעדט מיט גרויסע בודזשעטען (פינאנסען), נאר מיט זעהר ווינציגע ענערגישע ארבייטער. ווי מען ארבייט אין חברות אומעטום ווייסען אלע. אויף יעדע אסיפה קומט מען ניט אב מיט איין מאל רופען די מיטגלידער, נאר מיט דריי מאל איידער מען שלעפט צוזאמען די געוויסע חברים, מען זאל קענען מאכען איין אסיפה. דערפאר אבער ווען די חברות מאכען א צדקה־באל, דאס הייסט, ווען מען טאנצט צוליעב די ארומע לייט, דאן וואקסען זיי אלע אויס.

יעצטיגעס מאל וועלען מיר זיך אבשטעלען אויף איין חשבון פון אזא חברה, וואו מען האט קיין איינציג מאל ניט געטאנצט, נאר ווי מען זעהט ארויס פון דעם חשבון, האבען די חברים געארבייט, געטהון אום צו פערגרינגערן די לאגע פון פערשיעדענע אומגליקליכע און דוקא גאר מיט א קליינעם בודזשעט.

די חברה געפינט זיך אין א קליין שטעדטיל פערעיאסלעוו (קיעוו. גוב.), זי האט ניט קיין קלינגענדיגען שרייענדיגען נאמען נאר זי רופט זיך אן גאנץ פראסט און שטיל: „פערעיאסלעווער חברה צו העלפען יודישע ארומעלייט", זי איז בעשטעטיגט פון מיניסטער דעם אינערן 8 מערץ פאריגעס יאהר 1898 און עקסיסטירען האט זי אנגעהויבען 1־טען יוני, אזוי אז דער חשבון איז אין גאנצען פון 7 חדשים. אין דער צייט האבען זיי שטענדיג געשטיצט 182 ארומע בעלי־מלאכות, געפאלענע סוחרים, מלמדים, בעלי־עגלות און אזוי ארומע לייט און 41 פערזאן געהאלפען מיט איינמאליגע נדבות. פאר קראנקע האט מען ארויסגעגעבען 730 אומזיסטיגע רעצעפטען, אויסער 34 קראנקע געהאלפען מיט געלד.

אזוי ווי פערעיאסלעוו ליגט נעבין טייך דניעפער, און זומערצייט ווען די שיפען געהן פארטראגט עס אהין ניט ווייניג פרעמדע ארומע לייט האט די חברה געדונגען א הויז וואו די פרעמדע זאלען האבען וואו איבערצונעכטיגען און גיט זיי אויף הוצאות אויף אוועקפאהרען. מען האט געהאלפען מיט געלד 179 אזעלכע פרעמדע ארומע לייט. ווינטערצייט האט די חברה געקויפט 1200 קולעס שטרוי און צוטיילט די היימישע ארומע לייט אויף הייצונג.

דער גאנצער בודזשעט פון דער חברה בעשטעהט פון 3696 רובל 1 קאפ.; חברים צעהלט זיך 485.

דיזעלבע חברה האט נאך בדעה איינצופיהרען נעבין שטאדט א קאלאניע פאר יודישע ארבייטער אדער איין אנדער מין אנשטאלט וואו יודען זאלען קענען פיזיש ארבייטען. צו דעם צוועק האט באראן וו. ג. גינזבורג געשיקט 500 רובל, פרוי שרה בראדסקע 200 רובל, ק. וו. וויסאצקי 500 רובל, ל בראדסקע 100 רובל, מ. גרעבען 50 רובל און מ. זארעצקי 50 רובל.

די חברה האט פיעל צו פערדאנקען דעם פערעיאסלעווער ראבינער דר. י. שעפטיל, ווייל א דאנק איהם איז די חברה געגרינדעט געווארען.

די גוטע מעשים פון די פעריאסלעווער חברה ווייזען אז ווען א שטאדט פערמאגט נור אפילו איין וויכטיגען מענש וואס זאל זיך וועלען אינטערעסירען מיט דעם כלל קען מען פיעל גוטע זאכען איינפיהרען פאר דער גאנצער שטאדט. —

מעהר מענשען, מעהר אזוינע ראבינער דארף מען האבען אין די יודישע שטעדט און שטעדטליך!

---

עס פֿרייט אונז זעהר וואָס אין דער לעצטער צייט האָבען אפילו דינים אויסער פסק׳נען שאלות פֿון כשר און טרפֿות זיך אויך אָנגעהויבען אינטערעסירען מיט זאכען וועלכע ריהרען אָן מיט דעם כלל ישראל.

ניט לאַנג האָט אַ פּוילישע אַנטיסעמיטישע צייטונג אויסגעטראַכט אַ בבא־מעשה אַז אין גראַדזיסק (ווארש. גוב.) האָבען יודען געלד געקליבען מיט דעם צוועק צו פֿערטיידיגען דרייפֿוס׳ן. באַלד האָט דאָס נייעס אויפֿגעכאַפּט אַ רוסישע צייטונג, דאַן האָבען דינים אַבגעלייקענט דעם גאַנצען שקר.

איינע אַ לאָדזער צייטונג האָט אויך געדרוקט אַזאַ מין אויסגעטראַכטע מעשה און ווי מען האָט אונז איבערגעגעבען פֿון אַזיכערע קוועלע, פֿערלאַנגט דער לאָדזער רב פֿון דער צייטונג ניט נור אַבלייקענען דעם שקר, נאָר איהם אויך אַרויסצוגעבען דעם נאָמען פֿון דעם וואָס האָט אַזאַ זאַך אויסגעטראַכט אויף יודען, כּדי מען זאָל די געשיכטע קענען איבערגעבען אין סוד און דער שולדיגער זאָל קענען בעשטראָפֿט ווערען.

וויפֿיעל, וויפֿיעל אויסגעטראַכטע בבא־מעשיות וואָס קענען שאַדען יודען דרוקען יעדען טאָג, יעדע וואָך די אַנטיסעמיטישע צייטונגען וועגען די יודישע שטעדט און שטעדטליך און קיינעם אַרט דאָס ניט, קיינעם ריהרט עס ניט אָן און קיינער גיט זיך ניט די מיה אַבצולייקענען די פֿיעל שקרים. ווען אונזערע רבנים אָדער שטאָדט־בעלי־בתים, זאָלען זיך אין אַלע יודישע שטעדט אַזוי אינטערעסירען ווי אין גראַדזיסק און אין לאָדז, עס זאָל יעדען אָנריהרען די אומזיסטיגע בעליידיגונגען אויף יודען אין די אַנטיסעמיטישע צייטונגען און זאָלען אויף יעדע אויסגעטראַכטע שלעכטס אויף יודען אַבלייקענען אָדער די ליגנערס איבערגעבען אין סוד, דאַן וואָלטען די געוויסע סאָרט צייטונגען אויפֿגעהערט אַזוי גרינג אויסצוטראַכטען אויף יודען בלבולים, אין וועלכע דאָס רוב קריסטען וואָס קענען ניט דאָס יודישע לעבען גלויבען ערנסט. —

---

בכלל קענען קריסטען זעהר ווייניג דעם יוד און זיין לעבען.

איינער אַ קריסט, אַ דאָקטאָר, דערצעהלט מיט גרויס פֿערוואונדערונג אין דער צייטונג „וואָסט. אבאזר“. „ווען איך האָב אַלס דאָקטאָר בעגלייט אַ פּאַרטיע עמיגראַנטען „דוכאָבאָרען“ *) פֿון אירקוטסק, האָב איך אויסער דער שטאָדט צווישען איינגעהויקערטע קליינע שטיבליך, בעגעגענט זעהר איין אָרומען יוד וועלכער האָט זיך צורעדט מיט מיר.

ערלויבט מיר צו פֿרעגען, איהר זענט אַ דאָקטאָר? — האָט דער יוד געפֿרעגט און ווען איך האָב אַ שאָקיל געטהון מיט דעם קאָפּ, האָט ער זיך אָנגערופֿען — איך ווייס... איך ווייס... מיר איז זעהר אָנגענעהם אייך צו זעהן... דער גראַף טאָלסטאָי האָט אייך געשיקט...“ און דער יוד האָט מיט גרויס התלהבות אָנגעהויבען אויספֿיהרליך צו רעדען וועגען לעוו טאָלסטאָי און קוקענדיג אויף איהם האָב איך זיך ניט אויפֿגעהערט צו וואונדערן. דער קוויטיגער אויסגעמוטשעטער, אָבגעריסענער יוד וואָלט מיך ווינציגער געוואונדערט ווען ער זאָל ביי מיר בעטען אַ נדבה ווי רעדען וועגען לעוו טאָלסטאָי׳ס ווערקע.

ווען דער קריסטליכער דאָקטאָר זאָל קענען דאָס יודישע לעבען וואָלט ער אין די יודישע שטעדטליך בעגעגענט ניט איין „אָרומען“ „אויסגעמוטשעטען“ „אָבגעריסענעם“ יוד וואָס ווייסט ניט נור פֿון לעוו טאָלסטאָי׳ס ווערק, נאָר אויך אַנדערע ווערק פֿון בעוואוסטע אייראָפּעאישע געלערנטע און שריפֿטשטעלער, נאָר דאָס שווערע געמוטשעטע יודישעס לעבען קאַליעטשעט זייער געזיכט און זייער גאַנץ געשטאַלט ווערט פֿון די יודישע צרות איבערגעביטען, אַזוי אַז עס איז ניט צו דערקענען צי האָבען זיי עפּיס אַ מאָל געלערנט אָדער געלעזען און די אומגליקליכע יודען מאַכען אָפּט איין איינדרוק אויף קריסטען אַז זיי זענען נור פֿעהיג צו בעטען אַ נדבה.

---

יעדעס יאָהר ווערען נייע חברות אויסצולערנען דאָס לעבען פֿון פֿערשידענע פֿעלקער, נאָר אויסצולערנען דאָס לעבען פֿון דעם יודישען פֿאָלק געפֿינט קיינער ניט פֿאַר נייטיג.

ווי די „פּעטערס. וועד.“ שרייבט, איז ניט לאַנג געגרינדעט געוואָרען אַ נייע געזעלשאַפֿט פֿון אייראָפּעאישע געלערנטע אום צו ערלערנען און זיך בעקענען מיט דעם לעבען פֿון פֿעלקער וואָס וואָהנען נעבען שטילען אָצעאַן ווי די „יאַקוטען“ „טשוקטשען“ „קאָריאַקען“ „עסקימאָסען“ און נאָך אַנדערע.

פֿאַר וואָס זאָלען די קריסטען זיך אויך ניט מיה געבען אויסצולערנען דאָס לעבען פֿון דעם יודישען פֿאָלק, דאַן וואָלטען זיי אויפֿגעהערט גלויבען אין יעדע פּוסטע מעשה וואָס די אַנטיסעמיטישע צייטונגען טראַכטען אויס טאָג טעגליך אויף יודען.

דעם „וואָסכאָד“ שרייבט מען פֿון אַמעריקא, אַז אין דער לעצטער צייט האָבען די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער זיך אָנגעהויבען צו ביסליכווייז אינטערעסירען מיט דעם יודישען לעבען און צו דעם צוועק האָט מען איבערגעזעצט איניגע ווערקע פֿון יודישע זשאַרזאָן־שרייבער און פּאָעטען אין אייראָפּעאישע שפּראַכען. איניגע בעוואוסטע צייטונגען אין ניו־יאָרק, אין לאָנדאָן און אפילו אין פּאַריז בעקענענדיג זיך דורך די איבערזעצונגען מיט דעם ריכטיגען יודישען לעבען האָבען זעהר געלויבט די יודישע פֿערפֿאַסער וואָס זיי האָבען מיט זייערע טאַלענטען געעפֿענט פֿאַר זיי דאָס ריכטיגע יודישע לעבען וואָס איז ביז יעצט פֿאַר זיי געוועזען פֿערדעקט און בעהאַלטען.

אפשר וועלען מיר דאָ ביי אונז אַ מאָל דערלעבען אַזאַ צייט וואָס מען וועט זיך אויך וועלען בעקענען מיט אונזער לעבען ווי מיט די „יאַקוטען“ און „עסקימאָסען“ און מען וועט צוליעב דעם צוועק אויך אָנהייבען איבערזעצען יודישע ווערקע וואָס מאָלען מיט טאַלענט דאָס ריכטיגע יודישע לעבען. דערווייל אָבער זעצט מען איבער פֿון וואָס איהר ווילט פֿאַר אַ שפּראַכע נור ניט פֿון דער יודישער און ניט נור קריסטען נאָר אפילו העברעאישע צייטונגען זעצען איבער וואָס איהר ווילט נאָר פֿאַר נאַרישקייטען אַבי נאָר ווען אַ דייטש האָט געשריבען, נאָר ניט פֿון יודיש. די אָבער וואָס ווילען זיך באמת בעקענען מיט דעם ריכטיגען יודישען לעבען מוזען נור אָנקומען צו דער שפּראַכע אויף וועלכע דאָס יודישע פֿאָלק רעדט פֿון געבווירען אָן.

---

אין אונזער פֿאָריגען אַרטיקעל האָבען מיר געזעהן אַז דעם פּראָפֿעסאָר פֿאַלב׳ס נבואות איז מקוים געוואָרען נור אויף דער סוחרישער וועלט, נאָר איצט לאָזט זיך אויס אַ מעשה אַז מיר אַלע זענען אין היינטיגען חדש נאָוועמבער אויך געשטאַנען אין אַ גרויסער סכנה און מעגען גומל בענשען. מיר צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט וואָלטען זיך אויך געוועזען איבערגעקעהרט גלייך מיט די סוחרים, נאָר דאָס וואָס דאָס גרויסע אומגליק איז ניט געשעהן האָבען מיר נור צו פֿערדאַנקען די וויטעבסקער יודען, זאָלען לעבען און געזונד זיין.

ווי מען שרייבט פֿון וויטעבסק דער צייטונג „סעוו. זאפּ. סלאַווא“, האָבען די וויטעבסקער יודען איינגעגעבען אַ פּראָשעניע צום וויטעבסקער „גאָלאָוואַ“ וואו זיי שרייבען: אַזוי ווי די וועלט שטעהט נור אויף דאַוונען און אַזוי ווי דאָס מעהר פֿון וויטעבסקער יודען קומען ניט אפילו שבת אין שול, און אַזוי ווי זיי ווילען ניט פֿאָלגען און ניט האָבען קיין דרך־ארץ ניט פֿאַר די עלטערע פֿרומע יודען וואָס שרייען און זאָגען דעם עולם מוסר, אַלזאָ בעטען זיי אין זייער פּראָשעניע, דער גאָלאָוואַ זאָל צווינגען די יודען וואָס ווילען ניט דאַוונען זיך אונטערצושרייבען אַז זיי מוזען געהן אין שול דאַוונען.

אין נאָמען פֿון די פֿינף טהיילען וועלט, דאַנקען מיר פֿון גאַנצען האַרצען, די וויטעבסקער יודען וואָס זיי האָבען אונז אַלע מציל געווען פֿון אַזאַ גרויסען אומגליק. אמת.

---

# די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** אין פארלאמענט. די אונרוהען אין מעהרען (טשעכען) און דער מארד-בלבול פון פאלנא זענען אין דער לעצטער צייט געווען דער אינהאלט פון די וכוחים אין פארלאמענט. די טשעכען ווילען די גאנצע שולד ארויפווארפען אויף דער רעגירונג. דאדורך וואס די רעגירונג האט געהייסען אפשאפען די שפראך פעראָרדנונג איז דאס גאנצע טשעכישע פאלק אויפגעבראכט אויף איהר און אויף די דייטשען, און ביי דער געלעגענהייט איז דאס אויפגערייצטע פאלק בעפאלען די יודען. דער מיניסטער פון אינערן און פיעל דעפוטאטען בעוויזען, אז דאס פראסטע פאלק אינטערעסירט זיך גאר ניט מיט פאליטיק, און די אונרוהען זענען געווען אייגפאך אנטיסעמיטישע. מען האט דאס פאלק געריצט און גערייצט אזוי לאנג אויף יודען, ביז ס'זענען אויסגעבראכען די עקסצעסען.

דער מיניסטער האט פערזיכערט, אז די רעגירונג וועט ניט דערלאזען מעהר צו אזעלכע ווילדע סצענעס ווי ס'איז געווען אין האלעשוי און וסעטין, די רעגירונג וועט בעשטראפען ניט נור די טהוע"ר, אבער אויך די אנרעדער, וועלכע בונטעווען אין דער שטיל דעם פאלק אויף יודען. דער מיניסטער האט אויך פערענטפערט דאס מיליטער און די זשאנדארען, וועלכע האבען געשאסען אין פאלק, געהרגה'ט און פערוואונדעט א פאר צעהנדליג מענשען. ווי האבען דאס געמוזט טהון, ווייל דאס פאלק האט אויף זיי געווארפען שטיינער און העלצער, אזוי אז עטליכע זשאנדארמען זענען פערוואונדעט געווארען.

די דאזיגע ערקלערונג פון מיניסטער האט נאכדעם געגעבען שטאף אויף עטליכע זיטצונגען אין פארלאמענט. די טשעכען ווילען ניט מודה זיין אז ביי זיי הערשט דער געוועהנליכער, גראָבער אנטיסעמיטיזם. די אנטיסעמיטען גיבען זיי רעכט וואס זיי שלאגען יודען, און זאגען אז די טשעכען בעדארפען זיך גאר ניט שעמען מיט דעם. דער אבגעארדנעטער שניידער האלט א לאנגע רעדע און ווייזט אויס, אז יודען בעדארפען קריסטליך בלוט. ער ערצעהלט א מעשה, אז ווען ס'איז געווען דער פראצעס פון טיסא-עסלאר, האט מען גראף אנדראסי געפרעגט, אויב ער גלויבט אין דעם, האט ער געענטפערט: געוויס, די זאך איז דאך בעוויזען מיט אותות ומופתים. „פאר וואס'זשע פעראורטיילט מען ניט די שולדיגע?" האט מען דעם מיניסטער געפרעגט. — „ווייל אז מען וועט זיי פעראורטיילען, — האט אנדראסי געענטפערט — וועט מען אויפ'ן אנדערן טאג אויסמארדען 20·000 יודען און וואו וועלען מיר דאמאלס נעהמען געלט?". פרינץ ליכטענשטיין זאגט עדות, אז ער אליין האט דאס געהערט פון אנדראסים מויל. —

דען 16-טען נאוועמבער האבען די דעפוטירטע: ד"ר שטרויכער, קארייס און ד"ר ביק געהאלטען לאנגע רעדען אין פארלאמענט און געוויזען, אז שניידער איז א ליגנער, אזוי ווי די גאנצע עלילת-דם איז א גראבער ליגען. די מעשה וועגען אנדראסי איז אויך פאלש. קיין געבילדעטער ארדענטליכער קריסט וועט ניט גלויבען, אז די יודישע אמונה פערלאנגט צו געברויכען קריסטליך בלוט. פיעל פעפסטע, קארדינאלען און בישאפען האבען שוין צעהנדליגער מאל אנגעזאגט, מען זאל ניט גלויבען אין אזא פאלשע בעשולדיגונג.

— פראפעסאר מאסארעק און זיין פערבאטענעס ווערק. דער פראפעסאר פון פראגער אוניווערזיטעט מאסארעק האט געדריקט א קליין ווערקיל וועגען דעם פאלנא'ער בלוט-בלבול, ער ווייזט אויס, אז די אגנעס הרוזא איז ניט געהרגה'ט געווארען אין ברעזינער וואלד, נאר ערגעץ אנדערש, און פון דארט האט מען זי א טויטע אריבערטראגען אין וואלד. דער בעווייז איז, וואס בשעת מען האט זי געפונען און זי איז געלעגען מיט'ן בויך און מיט'ן פנים צו דער ערד, זענעןביידע פיס געווען אויסגעקרימט ארויף, אין דער הויך, און דער גאנצער קערפער איז אויך געווען אויסגעקרימט האלבקיילעכדיג. דאס איז א סימן אז ווען זי איז שוין געווען פערשטארט און פערהארטעוועט נאכ'ן טוידט, האט מען זי פון ערגעץ געבראכט און אונטערגעווארפען אין וואלד, און דאדורך איז דער קערפער צודרעהט געווארען. ווען יודען זאלען זי דא אויפ'ן ארט געטוידט, ווי די אנטיסעמיטען זאגען, וואלט מען זי געפונען אויסגעצויגען גלייך, ווייל די מערדער, וואס איילען זיך דאך צו ענטלויפען, וועלען ניט בלייבען ביי דער געהרגה'טע עטליכע שעה ביז זי וועט ווערען פערשטארט, זיי זאלען איהר נאכדעם אויסקרימען די פיס מיט'ן קערפער. — די הרוזא האט מען געטויט ערגיץ אין א וואהנונג ווען זי איז געווען אויסגעטהון, נאכדעם האט מען זי גאנץ רוהיג אנגעטהון איהר יאקעלע, צוגעקנעפעלט אויף אלע קנעפליך, ארויסגעפיהרט אין וואלד און ארום איהר אוועקגעלעגט 2 צונויפגעלייגטע טיכער, א פארטמאנעטקע, א קארב א. ז. וו., יעדע זאך אין א בעזונדער ארט. מערדער וואלטען ניט קיין צייט געהאט, אזוי אויסלעגען אין פערשידענע ערטער די זאכען.

דער פראפעסאר מאסארעק ווייזט אויס, ווי נאריש און פאלש איז דער בלבול, אז יודען בעדארפען קריסטליך בלוט. „ווען ביי יודען זאל זיך ווירקליך געפינען א פערבארגענע סעקטע, וואס בעדארף קריסטליך אונשולדיג בלוט, וואלט זי בעסער געחאפט און געשאכטען מענשען אין א גרויסער שטאדט, וואו עס געפונען זיך הונדערטער און טויזענדער מענשען וואס קיינער קען זיי ניט און קיינער וועט זיך ניט קימערען אז זיי וועלען פערפאלען ווערען. לאמיר אונז נאר דערמאנען די שרפה אין וויענער רינג-טעאטער. דארט זענען הונדערטער פערזאנען פערברענט געווארען, צווישען זיי איז געווען מאסען אומבעקאנטע פארברענטע, נאך וועלכע קיינער איז גאר ניט געקומען פרעגען! שטענדיג ווען איך הער וועגען א רעליגיאנס מארד, דערמאן איך מיך יענע שרפה. רעליגיאנס-מערדער וועלען זוכען צו שעכטען נור אזעלכע מענשען, וואס קיינער קימערט זיך ניט פאר זיי, אבער ניט א מיידעל אין א דארף, וואו באלד זעהט מען אז זי פעהלט און מען נעהמט באלד זי זוכען".

צום סוף קריטיקירט דער פראפעסאר די רייד פון די עדות אין פאלנא'ר פראצעס און שליסט, אז סוף כל סוף וועט מען מוזען רעווידירען דעם פראצעס און דער ריינער אמת וועט ארויס.

און דאס ווערקיל האט די רעגירונג פערבאטען בשעת אז די אנטיסעמיטישע צייטונגען לאזט מען פראנק און פריי אויסצוטראכטען די שרעקליכסטע בלבולים אויף יודען!

— דאס ווערקיל פון דעם פראפעסאר מאסארעק האט אויפגערייצט אויף איהם זעהר שטארק די טשעכישע שטודענטען פון אוניווערזיטעט. זיי, צוזאמען מיט אנדערע אנטיסעמיטען, האבען זיך פערזאמעלט פאר זיין הויז און געשריען און אפגעשפאט און בעליידיגט דעם עדלען מענשען. — דארויף האט מאסארעק יעצט געענטפערט אין א אפענעם בריף אין דער צייטונג „טשאס". ער זאגט דארט מיט די ווערטער: „פון אנטיסעמיטישען וויען קאמאנדירט מען, מיך עפענטליך צו בעליידיגען, און די טשעכישע צייטונגען פאלגען און רייצען אויף מיך די סטודענטען. איין צייטונג ווייזט דעם פאלק מיין אדרעסע, כדי זיי זאלען וויסען וואו צו געהן; די צווייטע גיט מוטה די סטודענטען, די דריטע בעליידיגט מיך און זאגט, איך האב גענומען געלט ביי יודען. די פיהרער פון דער גאנצער העצע זענען די גייסטליכע. דארט וואו זייער גייסט הערשט, איז פינסטערניש, גרוזאמע אונטערדריקונג פון גייסט און קערפער. איך האב עפענטליך געזאגט, אז איך גלויב ניט אין רעליגיאנס-מארד און בעזונדערס, אז דער פאלנא'ר פראצעס ווייזט ניט ארויס אויף אזא מארד. די דאזיגע מיינונג האב איך בעוויזען מיט ראיות, און דאס זאל מען אין טשעכישען פאלק ניט טארען טהון? מען זאל ניט קענען פריי טראכטען און וויסענשאפטליך ארבייטען? מיין קריטיק פון פאלנא'ר פראצעס איז פונקט אזא וויסענשאפטליכע ארבייט ווי מיינע אנדערע וויסענשאפטליכע ספרים. אמת טאקי, איך טראכט אנדערש פון גאנצען עולם, אבער קומט מיר דען דערפאר צו בעשפאטען אין די גאסען? צייט די לאנגע שווערע מלחמות וואס מען האט געפיהרט, אז יעדער מענש זאל מעגען פריי טראכטען און פיהלען ווי איהם געפעלט, איז היינט דאס ערשטע מאל, אז א טהייל פון טשעכישע סטודענטען זאלען ארויס געגען דעם פרייען געוויסען: דער גלויבען אין בלוט-בלבול איז געבוירען געווארען נאר דורך דעם אייגפלוס פון די גייסטליכע; איך אבער גלויב ניט אין דעם און קען ניט גלויבען, ווייל איך בעטראכט איהם פאר א גרויס אונגליק פאר אונזער פאלק. די אנטיסעמיטען ווילען אבער עס זאל זיין פינסטערניש, מען זאל ניט אויפקלערען דעם אמת, דארום האט מען אויף מיר אויסגעטראכט, אז איך האב מיך פערקויפט די יודען. דאס איז אבער א גראבער געמיינער ליגען, און די וואס זאגען אזוי זענען נידערטרעכטיגע ליגנער". ווייטער איז דער פראפעסאר מודיע, אז באלד וועט אנהויבען ערשיינען אין פראג א טעגליכע צייטונג, אין וועלכע ער וועט זיין א מיטארבייטער און די צייטונג וועט ארויסווייזען אלע נידערטרעכטיגקייטען פון דער פערדארבענער פארטיי, און וועט עפענען די אויגען פון דעם פערבלענדעטען טשעכישען פאלק. הלואי!

**רוסלאנד.** קעלימער מגיד. דאנערשטאג, דען 7-טען כסלו, איז אין לירא געשטארבען ר' משה יצחק דרשן, וועלכער איז געווען בעקאנט אין אלע יודישע שטעדט מיט דעם נאמען „קעלימער מגיד".— שילדערן דעם כאראקטער פון דעם וואונדערליכען מענשען איז כמעט איבעריג, ווייל יעדען איז בעוואוסט, וואס פאר א מין רעדנער ער איז געווען. די אלע וואס האבען געהערט זיינע פייעריגע, פרומע דרשות, וועלען זיי קיינמאל ניט פערגעסען, און אפילו די וואס האבען אליין ניט געהערט דעם קעלימער מגיד זאגען, האבען זיך אנגעהערט גענוג מעשות וועגען איהם: פיעל פון די מעשות זענען טאקי איבערטריבען, אבער מען בעקומט דאך פון זיי א בעגריף פון דעם פרומען מגיד, וואס זיין מויל האט געשיט פייער, זיינע ווערטער האבען געשטאכען ווי שארפע שפיזען און זיין מוסר האט אנגעצונדען דעם יודישען פונק אין טויזענדער מענשען און צובלאזט און צופלאקערט. אלע ווייסען, אז אין אלע שטעדטליך וואו דער קעלימער מגיד איז דורכגעפאהרען, זענען באלד געווארען פיעל ניצליכע חברות צום לערנען און טהון צדקה, ער האט געגרינדעט חברות „חיי אדם", חברות משניות, תלמוד-תורה'ס, גמילות-חסדים און נאך ניצליכע זאכען. בעזונדער האט ער מיט זיינע דרשות געווירקט אויפ'ן פראסטען פאלק און איהם האט מען צו פערדאנקען, וואס די מייסטע עלטערע בעלי-מלאכות אין ליטא זענען ניט פערגרעבט, קענען א ביסעל לערנען און האבען ליעב אריינקוקען אין א יודישען ספר.

דער זעליגער ר' משה יצחק איז געבארען אין יאהר 1827 אין א קליין שטעדטיל ביי סלאנים. זיין פאטער איז געווען א ארימער מלמד און ניט געקענט

איהם האלטען ביי זיך. האט דאָס קינד געמוזט זיך וואַלגערן אין דער פרעמד, געלערנט אין סלאָנימער ישיבה. נאָך דער חתונה האט ער זיך געמאכט א בשמים-געוועלביל; דאָס געשעפט איז אבער ניט געגאַנגען און ער האָט געמוזט ווערען א מגיד. אנפאנג איז ער געוועזען א שטאָדט-מגיד אין נאָווי-מוש (מינסקער גובערניע), נאָכדעם אין זאגער, נאכהער (1899) אין קעלעם. נאָך דריי יאָהר האט ער זיך אָפּגעזאָגט פון קעלימער מגירות און אָנגעהויבען ארומפאהרען איבער דער וועלט און צייט דענסטמאָל איז ער געוואָרען בעקאנט און בעריהמט אומעטום. אין יאָחר 1870 איז ער געוואָרען שטאָדט־מגיד אין מינסק, שפעטער — אין סלאנים און נאָכדעם אין מלאווא. אין יאָהר 1888 איז ער געוועזען אין לאָנדאָן און זיך פאָרגעשטעלט דעם רב אדלער און די גרעסטע לייט פון לאָנדאָנער געמיינדע, וועלכע האבען געוואָלט קענען דעם וואינדערליבען מגיד. פאר 2 יאחר האט זיך אָפּגעדרוקט זיין ספר „תוכחת חיים”, אין וועלכען מיר זעהען, אז מיט זיין פעדער האָט ער אויך א גרויסען כח, הגם צו זיין מויל קומט זי ניט. פאָריגעס יאָהר האָט ער זיך בעזעצט אין לידא ביי זיינעם אַ זוהן, וועלכער האט איהם אויסגעהאלטען.— די לעצטע צעהן יאָהר איז ר' משה יצחק שוין געוועזען קראנק און אָהן כחות, ביז ער איז געשטאָרבען אלט 72 יאָהר. תנצב"ה.

ס ע נ א ט ס - ע ר ק ל ע ר ו נ ג. די יודישע געמיינדע אין טיומען (אַ שטאָדט אויסער'ן ראיאָן) האָט געוואָלט בויען א שול צום דאווגען, האָט איהר דער גובערנאטאָר פון טאָבאָלסק ניט ערלויבט. די געמיינדע האָט זיך געווענדט צום סענאט און דער האָט ערקלערט, אז ע ר ש ט ע נ ס. לויט געזעץ (2-טע אנמערקונג צו פאראגראף 1299 פון X1 באנד, 1-טער טהייל, אויסגאבע פון יאָהר 1898), ווען אַ יודישע געמיינדע ערגעץ אין אַ שטאָדט אויסער'ן ראיאָן וויל בויען שולען, בעדארף די גובערניאל-פיהרונג פאָרשטעלען די זאך דעם איננערן מיניסטער וועלכער גיט די ערלויבניש; צ ו ו י י ט ע נ ס: נור דער מיניסטער אליין האָט יערעס מאָל די דעה צו געבען א ערלויבניש אָדער ניט געבען; ד ר י ט ע נ ס: הגם אין יאָהר 1895 האָט שוין דער מיניסטער אָפּגעזאָגט דער טיומענער געמיינדע און ניט געוואָלט דענסטמאָל ערלויבען איהר בויען אַ שול, פון דעסטוועגען האָט יעצט דער גובערנאטאר קיין שום רעכט ניט געהאט, אליין אפּזאָגען זייער גייע בקשה; זיין חוב איז געוועזען שיקען די בקשה צום מיניסטער, צוזאמען מיט ידיעות וועגען דער געמיינדע. על כן האָט דער סענאט בעפאהלען: דעם גובערנאטאָרס בעשטימונג סקאַסירען און די זאך זאָל נעהמען איהר געזעצליכען גאנג.— דער בעפעהל איז ארויס דען 18-טען סעפטעמבער 1899.

— די אדעסער אבטהיילונג פון דער חברה „מפיצי השכלה” האט געגרינדעט א שפעציעלע קאָמיסיע, צו קלייבען נדבות און שטיצען די יונגע מענשען וואָס לערנען זיך אין דער היים.

— י ו ד י ש ע א ו צ ר ו ת. שוין מעהר פון הונדערט יאָהר בעשטעהט ביי אונז די טאקסע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען, אויסצוהאלטען פון דעם געלט די יודישע וואָהלטעטיגע זאכען: שפיטאָלען, שולען א.ד.ג.— אין פערלויף פ'ן דער צייט איז אלע יאָהר איבערגעבליבען א געוויסע סומע פון טאקסע-געלט, אזוי אז היינט ליגען שוין גאנצע מיליאָנען. אין קיעווער גובערניע אליין האט דען 1 יאנואר ד. י. בעטראָפען די סומע פון איבערגעבליבענע טאקסע-געלט 823,384 רובעל. מיט אזא גרויס פערמעגען וואלטען אונזערע יודישע שטעדט געקענט אויסהאלטען גאנץ בכבוד שפיטאלען פאר קראנקע, מאכען ביליגע גאָרקיכען פאר אָרימע, בויען הייזער פאר יתומים, גרינדען שולען פאר קינדער, וכדומה. ליידער אָבער ליגט דאָס געלט פערשלאָסען פאר די יודישע געמיינדען, און אינזערע וואָהלטעטיגע הייזער עקסעסטירען פון נדבות, אין ווייל דאָס פאָלק איז אָרום און די ביסעל רייכע האָבען פיינר צו זיין איבריג מולד, דארום איז אין אונזערע שפיטאָלען וויסט און פינסטער, שולען זענען וועניג און אלע אונזערע צדקה-זאכען שטעהען אויף הינערשע פיסליך. זעהר ריכטיג זאָגט דער „וואָסח.”. אז די הויפט שולדיגע אין דעם זענען אונזערע ברידער אליין, וועלכע אינטערעסירען זיך ניט מיט כלל-זאכען, און בעת זיי רייסען זיך ארום פאר רבנים, מקוות וכדומה, געהט אוועק די טאקסע-געלט, יודיש בלוט, אויף אויספלאַסטערן גאסען אד"ג. די פיהרער פון די געמיינדען בעדארפען זיך בעמיהען דאָס געלט זאָל זיין פאר'ן יודישען בעדירפניס, לויט געזעץ אז די טאקסע איז נור געמאכט געוואָרען פאר'ן יודישען געברויך.

— ע ר ק ל ע ר ו נ ג  ו ו ע ג ע ן  מ י ל י ט ע ר - פ ל י כ ט. ס'איז פארגעקימען א פראגע ווי איז דער דין ווען א יודישער יונגערמאַן, וואס א'ז פערשריבען אין צעטעל פון די וואס מען רופט צום מיליטער (צום „פריזיוו”) אין מען בעדארף איהם שאצען די יאָהרען — קומט ניט צום שאצען, צו בעדארף מען איהם אויסמעקען פון צעטעל, אדער ער בלייבט שטעהן אין צעטעל, מע נעהמט פאר איהם אַ גורל און זיין פאמיליע ווערט בעשטראָפט צו בעצאהלען דריי-הונדערט רובעל? יעצט האט, אויף בעפעהל פון אינערן מיניסטער, דאס חערסאָנער גובערניאל-געריכט מודיע געווען, אז אַזאַ יונגען-מאן בעדארף מען ניט אויסמעקען פון צעטעל, ער בלייבט דארט פערשריבען, מען נעמט פאר איהם אַ גורל און די משפחה מוז בעצאָלען שטראָף.

— אין יעקאטערינאָסלאוו איז היינטיגען זומער געעפענט געוואָרען אַ נייע שולע, צו לערנען בערגארבייט. יודען האט מען אהין אריינגענומען ניט מעהר ווי 5 פראצענט. וועגען דעם שרייבט מען דער צייטונג „פעטערבורג' וויער”. „די יודען פון יעקאטערינאָס'לאוו, וועלכע האָבען א'יסגעהאלטען עקזאמען אויף אריינטרעטען אין דער שולע, זענען ערשטוינט געוואָרען דערהערענדיג די נייעס. אין די תקנות פון דער שולע שטעהט גאָר ניט דערמאָנט, אז די צאל פון יודישע שילער זאָל זיין בעגרענצט. די פיהרער פ'ן דער שולע האָבען אליין פון זיך געמאכט די בעשרענקונג אויף 5 פראָצענט אין דאדורך האָבען נור דריי יודישע שילער זוכה געווען אריין אין דער שולע.— די איבריגע, וואָס זענען געבליבען פון דרויסען, גיבען אריין א פאפיר צום סענאט, זיך בעקלאָגען אויף דער בעשרענקונג”.

— די צייטונג „סין אָט.” שרייבט, אז אין גיכען וועט זיך דאָס מיניסטעריום פון פאָלקס-בילדונג בעשעפטיגען מיט דער פראגע, מען זאָל אריינגעהמען מעהר יודען אין די מיטעלע טעכנישע שולען וואָס זענען אונטער'ן מיניסטעריומס שוץ. בשעת דער בילדונגס-מיניסטער האָט געמאכט זיין רייזע אין דער פראָווינץ, האָבען די יודען דערלאנגט צו איהם פיעל בקשות וועגען דעם, אויך די יודישע געמיינדע פון טאגאנראג האָט געבעטען, מען זאָל ניט אזוי בעגרענצען די צאָהל פון יודישע קינדער אין דער טעכנישער שולע.

— רוסישע צייטונגען שרייבען, אז ענדע פאָריגען מאָנאט איז אין דער יודישער קאָלאָניע נאגאסטאוו געווען, מיט ערלויבניש פון דער רעגירונג, א אספה פון אלע רבנים אין די קאָלאָניעס. רער פארזיצענדער איז געווען דער הויפט-ראבינער ר"ר קר ע פ ס. די אספה האָט זיך בעראטען וועגען עטליבע פראגען אין רעליגיאנס זאכען. וואָס זענען דאָס געוען פאר פראגען — שרייבען ניט די צייטונגען.

*

**דייטשלאַנד.** מ פ ל ה  פ ו ן  א נ ט י ס ע מ י ט ע ן  א י ן  ב ר ל י ן. אין די לעצטע וויבאָרעס צום בערלינער ראַטהויז האָבען די אנטיסעמיטען געהאַט א גרויסע מפלה: אלע זייערע קאַנדידאַטען זענען דורכגעפאַלען און קיין איינציגען פון זיי האָט מען ניט געוועהלט אין ראטהויז. עס איז נאָך געבליבען איין קרייז, ווי עס בעדארפען זיין צווייטע וויבאָרעס און דאָרט האפען די אנטיסעמיטען דורכצופיהרען זייער איינציגען קאַנדידאט אולריך. דער בעקאנטער אַנטיסעמיט שטעקער, וועלכער איז דער טאטע פון דער נייעמאָדישער שנאה צו יודען, האָט אין גאנצען בעקומען 369 שטימען, בשעת זיין געגנער, דער קאנדידאט פון די סאָציאל-דעמאָקראטיע האט בעקומען 1,282 שטימען. ווי עס ווייסט אויס, האבען די בערלינער איינוואָהנער זיך שוין איבערצייגט, אז די אַנטיסעמיטען וואָס ווילען שאָדען די יודען, שאָדען באמת אַלע איינוואָהנער און נוצען ברענגען זיי גאַנץ וועניג. . .

— פ ו נ פ צ י ג  י א ָ ה ר  ד א ָ ק ט א ָ ר. דער בעקאנטער פראָפעסאָר ל אַ צ א ר ו ס פון בערלין וועט האָבען דען 30 נאָוועמבער א יום-טוב: אין דעם טאָג ווערט 50 יאָהר, זייט ער האָט בעקומען דעם טיטעל „דאָקטאָר פילאָזאָפיע” לכבוד דעם יובילעאום וועט ארויסגעהען פון ד"ר מינץ א ספר וועגען לאַצארוס'ס פילאָזאָפיע, און דעם פראָפעסאָרס פרוי, וועלכע האָט פריהער, ווען זי איז נאָך געוועזען א קריסטען, געהייסען נאהידא רעמי און היינט, נאָכדעם ווי זי איז געוואָרען א יודין, הייסט זי רות לאַצארוס, וועט ארויסגעבען אַ זאַמלונג פון איהר מאַנס קלוגע געדאנקען און ווערטער. זאמלען די דאָזיגע ווערטער האָט מאדאם נאהידא רעמי אָנגעהויבען נאָך מיט צוואנציג יאָהר צוריק, ווען זי האָט נאָך גאָר ניט געקענט איהר היינטיגען מאן נאָר געלעזען זיין ספר „דאָס לעבען פון דער נשמה”. דער ספר האָט געמאכט אויף איהר אזא טיפען איינדרוק, אז זי האָט גענומען און פערשריבען ביי זיך די בעסטע ווערטער פון ספר. דאָסזעלבע האָט זי געטהון לעזענדיג זיינע איבעריגע פילאָזאָפישע ווערק, ביז ס'האָט זיך ביי איהר אויפגעזאמעלט א היבשער בלומען-קראנץ.

— די יודישע געזעלשאפט פון געשיכטע און ליטעראטור אין בערלין האָט אויך היינטיגען ווינטער איינגעפיהרט צו האלטען דרשות פאר ערוואקסענע מענשען. געבילדעטע לייט וועלען רעדען וועגען יודישקייט, יודישע היסטאָריע, די בעדייטונג פון אונזער תורה, וכדומה. די דרשות זענען אין אָוועגד, כדי בעל-מלאכות און סוחרים, וואָס זענען דעם גאנצען טאָג פערנומען, זאָלען קענען קומען הערען א קלוג וואָרט.

*

**ענגלאַנד.** — די „יודישע קאָלאָניאל-באנק” איז מודיע, אז די הערען בענטוויטש, וואטקין וויליאמס און גריי, וועלכע זענען געווען די אדוואָקאטען פון דער באנק זייט זי איז געגרינדעט געוואָרען, האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע. אויך האָט זיך ה' בענטוויטש ענטזאגט צו זיין דער לאָנדאָנער פערטרעטער פון די באנק-פיהרער (גאוווערנייערס) וואָס וואָהנען אין אויסלאנד. יעצט איז געוואָרען אדוואָקאט פון דער קאָלאָניאלבאנק ה' ל ע ו ו י ס.

— אין א דרשה וואס ד"ר גאסטער האָט ניט לאנג געהאלטען, האָט ער גערעדט וועגען דעם קריג צווישען ענגלאנד און טראנסוואל. „דער קריג וואָס ענגלאנד פיהרט יעצט — האט ה' גאסטער אויסגעפיהרט — איז א קריג פאר

גערעכטיגקייט, ברידערשאפט, גלייכהייט. מיר יודען, וואָס וויסען דעם טעם פון בעזונדערע געזעצע; מיר פערשטעהן, ווי שלעכט איז די לאגע פון די אויסלענדער אין טראנסוואל, פאר וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט זיך אָנגענומען דערפאר וואָס זיי האָבען ביי די בורען קיין שום בירגעררעכט ניט געהאט. אלס בירגער בעדאַרפען מיר גאָט בעטען פאר אונזער רעגירונג זי זאָל מצליח זיין; מיר דארפען זי אויך העלפען ווי ווייט מעגליך. און אלס יודען דארפען מיר תפלה טהון אז די מלחמה זאָל ווי אָם גיכסטען אויפהערען און ס'זאָל ווערען שלום, דען דאָס איז דער יודישער אידעאל: פריעדען, גערעכטיגקייט און מענשליכקייט".

# אלגעמיינע וועלט-נייעס.

**רוסלאנד.** פראָפעסאר מארטענס וועגען דער פרידענס-קאָנפערענץ. אין דער רעגירונגס-צייטונג „פראַוויט וויעסטניק", איז געדרוקט א ארטיקעל פון דעם בעקאנטען פראָפעסאר מארטענס, וועלכער איז געווען איינער פון די רוסישע שלוחים אויף דער פרידענס-קאָנפערענץ אין האאג. דער פראָפעסאר שרייבט:

„דער קריג, וואס האט פלוצלינג אויסגעבראכען אין דרום-אפריקא רופט צו זיך ארויס די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. נאך איידער ס'זענען אריבער צוויי חדשים זייט דער קאנגרעס איז פערמאכט געוואָרען, זענען ווידער ארויסגעשפרונגען אלע שרעקליכקייט פון קריג.

וואס מעהר מען האט געהאט האפנונג פון דער האאגער קאנפערענץ, מעהר פערדריסט אויף דעם וואס געשיהט יעצט. וואס פייעריגער אלע פריינד פון פעלקער-פרידען האבען פערלאנגט, פערהיטען פאר נייע בלוטפערגיסונג, אזוי טיפער איז יעצט דער ווייטאג הערענדיג וועגען די בלוטיגע מלחמות אין אפריקא. ווידער איז געקומען די צייט פאר די בארמהערציגע ברידער און שוועסטער ווייזען זייער גרויסע בריה'שקייט.

ס'איז גאנץ נאטירליך, אז די זאך טהוט זעהר לייד, אבער ס'איז ניט צו פערשטעהן, ווארום בעשולדיגט מען די האאגער קאנפערענץ אויף די טרויעריגע מעשים אין אפריקא. ווי אזוי קען מען דאס טראכטען, אז די האגער קאנפערענץ האט בעדארפט אפשאפען יעדע מלחמה? פאר וואס זאגט מען אז די מלחמה אין דרום-אפריקא איז מבטל די גאנצע ארבייט פון דער קאנפערענץ?

די קאנפערענץ האט זיך גאר ניט פארגענומען פערהיטען, אז קיינמאל זאל שוין קיין קריג ניט זיין צווישען די פעלקער. דאס וואלט מעגליך געווען, ווען דאס היינטיגע פערהאלטען פון איין פאלק צום צווייטען וואלט זיך אין גאנצען אומגעביטען. אבער כל-זמן מענשען בלייבען מענשען, כל זמן די פעלקער וועלען שטרעבען נור צו זייערע אייגענע אינטערעסען און די רעגירונגען וועלען זוכען נור זייער אייגענעם נוצען און היטען זייער נאציאנאלע עהרע, וועט מוזען ארויסקומען סכסוכים צווישען די פעלקער און דער קריג וועט זיין מעגליך.

דאס האט די האאגער קאנפערענץ זעהר גוט געוואוסט. זי האט אויסגעארבייטעט מיטלען. די פעלקער זאלען זיך פערגלייכען אין גוטען; זי האט ארויפגעלעגט א חוב אויף די רעגירונגען, נעהמען דאס שווערד נאר אויפ'ן ערגסטען פאל, ווען אלע מיטלען צו דערהאלטען דעם שלום וועלען ניט העלפען. די קאנפערענץ האט אזוי ווייניג גערעכענט, איהר זאל געראטען אויף שטענדיג אפשאפען די מלחמות, אז דעם גרעסטען טייל פון איהר ארבייט האט זי אריינגעלעגט צו בעשטימען די געזעצע און מנהגים, ווי אזוי די פעלקער זאלען זיך אויפפיהרען אין מלחמה. אמת טאקע די קאנפערענץ האט ערקענט אז א מלחמה איז די גרעסטע צרה פאר אלע פעלקער, אבער מבטל זיין די צרה האט זי ניט געקענט, זי האט פערלאנג פערהיטען פאר דעם פלאג, נאר אויב דאס אומגליק וועט פארט קומען, אויב אלע מיטלען צו פערהיטען פאר'ן קריג וועלען זיין אומזיסט, דאמאלס, האט די קאנפערענץ געוואלט, אז ווייניגסטענס זאל די צרה ניט זיין אזוי גרויס, זי זאל ניט מאכען אזא שרעקליכען פערוויסטונג אויף דער וועלט.

דאס האט די קאנפערענץ געוואלט און דאס האט זי ערזייכט. אבער זי האט ניט געוואלט און גאר ניט געקענט וועלען אפשאפען גאר אין גאנצען די מלחמות פון דער וועלט, ווייל דאס איז א אונמעגליכע זאך לויט ווי די וועלט איז היינט".

— **גרויסע אספה פון בעלי-מלאכות.** קינפטיגען יאהר, אין מערץ, וועט זיין אין פעטערבורג א גרויסע פערזאמלונג פון מייסטערס און בעלי מלאכות צו האלטען א עצה ווי אזוי אויסצובעסערן די לאגע פון רוסישען האנדווערק. אויף דער אספה וועלען קענען קומען: מייסטערס און מייסטערינס וועלכע זענען צוגעשריבען צו די צעכען (צינפטע), אויך פארשטעהער פון חברות צו פערשפרייטען רוסישען האנדעל און ארבייט, און אזעלכע וואס האבען מיט זייערע מעשים אדער ספרים געבראכט א נוצען בעלי-מלאכות. די פערזאמלונג וועט זיך בעשעפטיגען מיט 21 פראגעס, פון וועלכע די וויכטיגסטע זענען: 1) וועלכע געזעצע וועגען בעלי-מלאכות זענען שוין אלט און מען ברויכט זיי אפשאפען? 2) צי בעדארף מען איבערמאכען די צעכען, און ווי אזוי זאל מען איבערמאכען? 3) צי איז כדאי מאכען בערזען פאר בעלי מלאכות, און ווי אזוי זאלען די בערזעס זיין? 4) וועלכע געזעצע בעדארפען זיין וועגען דאס רוהען פון בעלי-מלאכות אים יום-טוב? 5) וועלכע ארדנונג זאל זיין אז איינער וויל עפענען א ווארשטאט? 6) צי ווילען די בעלי מלאכות מען זאל זיי בארגען געלט אויף זייער ארבייט? 7) ווי אזוי זאל מען בעוואורענען פון נאכמאכונג און פאלשעווען ארבייט? 8) וואס בעדארף מען איבערמאכען אין די געזעצע וועגען לעהר-יונגען און געזעלען פון מייסטערס? 9) האבען ניט די בעלי-מלאכות שוועריגקייטען ווען זי ווילען אריינגעבען זייערע קינדער אין שולען? 10) ווילען די בעלי-מלאכות מען זאל איינפיהרען דאס מעטרישע סיסטעם אין וואג און מאָס? (ווייל עס איז א פראיעקט פון מיניסטעריום, מען זאל וועגען און מעסטען אויפ'ן מעטער). — די אספה וועט דויערען 7 טאג.

— **דאמפף אָהן פייער.** אין איינע פון די פאבריקען ביי מאָסקוי האט מען די טעג געמאכט א פראבע מיט א דאמפף-קעסיל, אין וועלכען עס ווערט דורך א מעכאנישען מיטעל, דאמפף אהן הייצונג און בכלל אהן פייער. דעם קעסיל האט מען אוועקגעשטעלט אין א לייריג הויז, אויף א פאר קלעצער, אנגעגאסען קאלט וואסער און גענומען דרעהען דעם מעכאניזם וואס געפינט זיך אין קעסיל. אין 5 מינוט ארום איז שוין דער קעסעל געווארען הייס פון דרויסען, און אין 18 מינוט שפעטער איז ער געווארען פול מיט דאמפף. — דער ערפינדער פון דעם נייע-מאדנעם קעסעל איז א פויער, א מילנער פון סמאָלענסק.

— דיזען מאנאט וועט דאס מיניסטעריום פון איגערן פאָרלעגען דעם רעגירונגס-ראטה עטליכע אויסגעארבעטע פראיעקטען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך אויך דער פראָיעקט: צו מאכען א לעצטע ארדנונג אין דעם טהייל פון בעסאראביע, וואס איז דורכ'ן בערלינער טראקטאט פערייניגט געוואָרען מיט רוסלאנד נאר ביז היינט פיהרט ער זיך לויט אלטע רומענישע געזעצע; אויך וועגען דער קאמיסיע ביים ווארשאווער גענעראל-גובערנאטאר, צו זאמלען, דורכזעהן און ארדנען די בעזונדערע געזעצע וואס הערשען אין קעניגרייך פוילען.

— **קרעדיט-בילעטען און גאלדענע מטבעות.** לויט בילאנס פון 16 אקטאבער געפינען זיך יעצט אין אומלויף אין רוסלאנד 540 מיליאן רובעל אין קרעדיט-בילעטען, בעת אז גאלדענע מטבעות זענען צווישען פאלק 668 מיליאן רובעל און זילבערנע 145 מיליאן. דערפון זעהט מען אז דאס גאלד האט זיך שוין גענוג פערשפרייט. על כן האט דער דירעקטאר פון דער רייכס-באנק מודיע געווען אלע קאנטארען אין פיליעס פון דער באנק אויף דער פראווינץ, אז: 1) מהיום והלאה, ווען איינער בעדארף נעהמען פון באנק געלט, זאל מען איהם ניט געבען, ווי ביז אהער, פון 200 ביז 300 רובעל דוקא אין גאלד, סיידען ער וועט דורכאויס פערלאנגען גאלד און ניט קיין פאפיר; 2) זעהן ווי אם מעהרסטען ארויסגעבען קרעדיט-בילעטען פון 500 רובל, 100-טער און 25-ער, סיידען דער קליענט וועט דאס ניט וועלען; 3) גאלדענע מטבעות זאל די באנק ארויסגעבען נאר צעהנרובעלדיגע און פינפרובעלדיגע, און ניט קיין אימפעריאלען פון 15 רובעל, מיט אויסנאמע: א) ווען דער קליענט וועט פאדערן, מען זאל איהם דוקא געבען 15-רובעלדיגע מאנעטען; ב) ווען אין באנק וועט פארפעהלען מטבעות פון 10 און 5 רובעל.

**דייטשלאנד.** עס ווערט א געזעלשאפט צו העלפען דייטשען זיך בעזעצען אין פאלעסטינא, קויפען לאנד און מאכען נייע קאלאניעס. דער קעניג אין שטוטגארט האט געשענקט דער געזעלשאפט צעהנטויזענד מארק און די קעניגין האט זיך פערשריבען אויף א גרויסע סומע געלד.

— די דייטשע באנק האט געקריגען ערלויבניש פון דער טערקישער רעגירונג צו בויען א נייע אייזענבאהן אין קליין אזיען.

## מַיין וואוּנְש.

פון י. יאָנאַטהאַנזאָן.

אָה! ווי גערן וואָלט איך זינגען,<br>
עס זאָל הילכען, עס זאָל קלינגען,<br>
די טענער פון מיין ברוסט!<br>
עס זאָל נעהמען, עס זאָל ריהרען,<br>
די געפיהלען, די געהירען,<br>
וואס דענקען ניט, וואס טראַכטען ניט,<br>
וואס ליעבען ניט, וואס אַכטען ניט,<br>
און לעבען אָהן א לוסט!

אָה! ווי לוּסְטִיג וָואלְט אִיךְ שְׁפִּיעלֶען,
אוֹיף דִי לִירֶע, נָאךְ מַיין ווילֶען,
פִיר עֶלֶענְדֶע אַם מֵייסְטֶן!
צוּ עֶרְפְרֵייעֶן, דִי גֶעמִיטְהֶער,
דִי צֶערְבְּרָאכֶענֶע אוֹיף שְׁפְּלִיטֶער,
וָואס הַארֶען נִיט, וָואס הָאפֶען נִיט,
וָואס רוּהֶען נִיט, וָואס שְׁלָאפֶען נִיט,
אוּן פִינְדֶען נִיט קֵיין טְרֵייסְט!

---

אָה! ווִי הֶערְצְלִיךְ, וָואלְט אִיךְ דִיכְטֶען,
פוּן דִי שׁוּלְדֶען פוּן דִי פְּפְלִיכְטֶען,
וָואס טְרָאגְט אוֹיף זִיךְ דָאס הֶערְץ!
עֶס זָאל ווִירְקֶען, פוּן דִי לִיעדֶער,
אוֹיף דִי נֶערְוֶוען, אוֹיף דִי גְלִיעדֶער,
וָואס גְלוֹיבֶּען נִיט אוּן פִיהְלֶען נִיט,
וָואס ווִינְשֶׁען נִיט אוּן ווִילֶען נִיט,
בֶּעמִיטְלֵיידֶען קֵיין שְׁמֶערְץ!...

---

אָה! ווִי קְרֶעפְטִיג מִיט מַיין פֶעדֶער,
וָואלְט אִיךְ דְרֶעהֶען נוּר דִי רֶעדֶער,
וָואס רָאלֶען דֶעם גֶעשִׁיק!
עֶס זָאל קוּמֶען, דִי פָארְטוּנֶע *)
אוֹיף דִי פְלִיגְלֶען פוּן אֱמוּנָה,
צוּם לֵיידֶענְדֶען אוּן ווֵיינֶענְדֶען,
צוּם דֶענְקֶענְדֶען אוּן מֵיינֶענְדֶען,
נִישְׁטָא, פִיר אִיהְם קַיין גְלִיק!

---

אָה! ווִי קוּנְסְטְפָאל, וָואלְט אִיךְ מָאלֶען,
פוּן דֵי בֶּערְג אוּן פוּן דִי טְהָאלֶען,
אוּן הִימְלִישֶׁען לַאזוּר!
אוֹיף דֵי פֶעלְדֶער, בַּיי דִי פְלַאנְצֶען
מִיט דֶער מוּזֶע, וָואלְט אִיךְ טַאנְצֶען,
וואו אֵיינִיגְקֵייט אוּן פְרֵיינְדְלִיכְקֵייט,
דוּרְךְ לִיעבֶּע דֶער נַאטוּר!

---

נָאר אִיךְ קוּם נִיט צוּ מַיין ווִילֶען,
אִיךְ זָאל קֶענֶען, דִיעס עֶרְפִילֶען,
צוּ וָואס עֶס יָאגְט דִי לוּסְט!
אוֹיף מַיין הֶערְצֶען, אוּן מַיין זִינֶען,
אִיז אַזֶעלְכֶעס צוּ גֶעפִינֶען,
וָואס פַיינִיגְט נוּר אוּן הִינְדֶערְט נוּר,
וָואס מַאטֶערְט נוּר אוּן פְלִינְדֶערְט נוּר,
דִי פְרֵיילִיכְקֵייט פוּן בְּרוּסְט!

ניו-יורק דען 15-טען אקטאָבער 1899.

*) די געטין פון גליק.

# אונטערן באנק.

### אַ וועגס בילד

### פון מ. ספעקטאָר.

(ענדע.)

לייבקע האָט אַזוי לאַנג געטראַכט וועגען גאָטעס וועלט ביז דאָס האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען קלעמען, עס האָט איהם אָנגעהויבען הונגערן, ער האָט אַרונטער גענומען פון צוקאָפּענעס זיין פעקיל, אַרויסגענומען דאָס ברויט, אָבגעריסען אַ שטיק און אָנגעהויבען מיט גרויס אַפּעטיט צו קייען אויף אַלע ציין.

— אין וועג עסט זיך גאַר געשמאַקער, האָט ער געזאָגט און ווייטער מיט פערגעניגען געביסען און געשמאַק געגעסען דאָס ברויט, — מען דאַרף נאָך איבערלאָזען, ביז קיין אדעס וועט זיך נאָך אַ פּאָר מאָל ווילען עסען און דאָ אונטער דער באַנק איז ניט דאָ קיין וואָגזאַל מיט אַ בופעט. מעהר ווי פיס זעהט מען דאָ ניט, האָט ער געזאָגט שמייכלענדיג און האָט פערבונדען צוריק דאָס איבערגעבליבענע ברויט און פערטרינקען פון פלעשעל וואַסער וואָס ער האָט געהאַט און קעשענע.

— אַ פערגעניגען אַז מען לעהנט זיך אונטער דאָס האַרץ, האָט ער ווייטער גערעדט בעלעקענדיג זיך, איצט וועט מען קענען אַביסיל אַ דרימעל טהון, די גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפען, אַלץ געטראַכט וועגען פּאַהרען.

ער האָט אַנידערגעלענט זיין פעקעל צוקאָפּענס, אַ טאַפּ געטהון דעם פּאַפּיער מיט דער פעטשאַט, זיך אויסגעצויגען און שטיל געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— אַ גוטע נאַכט, מיינע ליעבע פיס און פיסעליך! און ער האָט געווינקען דערביי מיט אַ זיפץ צו די צוויי קליינע גרינע יאַשטשערקעס און די שענע זיידענע זאָקען פון וועלכע ער האָט נאָך לאַנג ניט געקענט אָברייסען זיינע אויגען און עס האָט איהם צו זיי געצויגען ווי צו אַ מאַגנ ט.

דער צוג איז זיך געגאַנגען און געקלאַפּט אין טאַקט מיט די רעדער, דער לאַנגער וואַגאָן האָט זיך גרינג געקאַטשעט ווי אַ וויגעלע און איינגעוויגט דאָס יונגיל אונטערן באַנק ביז ער איז געשמאַק אַנטשלאָפען געוואָרען. וואָס נאָענטער צו אדעס איז דער וואַגאָן אַלץ פולער געוואָרען, די פּאַסאַזשירען זענען געוואָרען מיהד און וואו צו שלאָפען איז ניט געוועזען קיין פּלאַץ, אַז איינער געהט אַראָפּ אויף אַ סטאַנציע קומען אַן אַנדערע צוויי. די קאָנדוקטאָרען זענען נאָך מיהדער און האָבען געדאַנקט גאָט, אַז זיי האָבען אָבגעקלאַפּט די נייע בילעטען, ניט גור און זינען האָבען וואָס טהוט זיך אונטערן באַנק, און לייבקע איז זיך דאָרט געשמאַק געשלאָפען ווי אַ גראַף אין זיין פּאַלאַץ מיט זיסע חלומות וועגען שענע גרינע יאַשטשערקעס מיט די זיידענע זעקעליך. —

*

ווען לייבקע האָט זיך אויפגעהאָפּט פון שלאָף, זיך אויסגעצויגען, געגענעצט און זיך אַרומגעקוקט האָט ער מיט פערוואונדערונג געזאָגט:

— נייע וועלט מיט נייע פיס!

און ער האָט געזעהן צוויי פיס מיט אויסגעדרעהטע שטיועל. די האַליוועס זענען פערדעקט מיט אַ יודישע לאַנגע קאַפּאָטע, די יודישע פיס זענען שרעקליך אויסגעדרעהט און אויסגעריבען, קיין גאַנץ אָבר איז אין זיי ניט דאָ, ניט נור די אָבצאַסען אפילו די פּאָדעשוועס זענען אויך אויסגעדרעהט, לאַטעס אויף לאַטעס, לעכער און לעכער, דורך וועלכע מען זעהט אַרויס די צעווינדעוועטע פיס, נור די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע זענען גאַנץ און פאַרדעקען פאַר דער וועלט, בעהאַלטען פאַר לייטען די יודישע לעכער און לאַטעס מיט די צעווינדעוועטע יודישע פיס. לייבקע האָט אין זיין לעבען גענוג זיך אָנגעטראָגען מיט געלאַטעטע אויסגעדרעהטע שטיוועל, נאָר אַזוינע האָט ער נאָך ניט געזעהן, עפּיס זענען זיי געדרעהט אויף אַלע זייטען, ווער ווייסט וויפיעל די יודישע פיס זענען נעביך אין זייער לעבען אויסגעגאַנגען און געוואַנדערעוועט אויף דער וועלט. גענוג

זיי אויסגעמוטשעט, און ווער ווייסט וויפיעל זיי דארפען זיך נאך וואנדער מיט זייערע לעכער און לאטעס. אומגליקליכע יודישע פיס!

— חא, חא, האט זיך פלוצים לייבקע צעלאכט דערזעהענדיג נעבין די צוויי יודישע עפיס א ניי מאדנע פוס און נור איינעם — וואו איז דער צווייטער? האט ער געפרעגט לאכענדיג.

— שטיל דו ממזר! אט געהט דער קאנדוקטאר, האט לייבקע געהערט א שטיל קול און געחאפט א קלאפ פון די יודישע פיס. ער האט דעם וועהטוג פון קלאפ איינגעשלונגען, פארביסען מיט די ליפען, זיך אומגעדרעהט אין דרייען און זיך שטיל צוגעהערט.

דער קאנדוקטאר איז בשלום איבערגעגאנגען דעם וואגאן און לייבקע האט ווידער געעפענט דאס מויל און אריינגעשעפט אין זיך לופט.

— אט האב איך שוין געהאפט דעם ערשטען קלאפ אין וועג! האט ער אנגעהויבען רעדען מיט זיך — שוין לאנג קיין קלעפ ניט בעקומען! די יודישע פיס זענען דען ניט גערעכט וואס זיי האבען מיר געגעבען א קלאפ? דער סטאראסטע איז דען ניט גערעכט וואס ער האט מיר קיין פאספארט ניט געוואלט נעבען? האב איך דען ניט געקענט בלייבען אין לידנעוו אין לעבען שטיל רוהיג ווי אלע דארטיגע ארומע יונגליך? בין איך דען איינער איין ארומער? נור מיט מיר האט צו טהון די גאנצע שטאדט און יעדער ווער עס וויל נור, דער שלאגט מיך און יאגט מיך, אומעטום בין איך דאס כפרה־הינדעל און ווער איז דען אין דעם אלעמען שולדיג אז ניט איך אליין מיט מיין ווילדען כאראקטער, יונגליך שלאגען זיך צווישען זיך זאלען זיי זיך שלאגען קאפ אין וואנד, וואס דארף איך זיך אריינמישען, זיך אננעמען פאר די שוואכערע און נאכהער בעקומען קלעפס פון ביידע צדדים? מען לויפט נאך א גנב — איז ער אנטלאפען וואס איז מיין געשעפט? זאלען זיך פון מיינטוועגען מעהרען און פרעכפערען גנבים, וואס האב איך מורא פאר זיי, מיינע אוצרות וואס מען וועט ביי מיר צונעמען? ניין, אז מען גנב'ט צו ביי איין ארומער מארקזיצערין דעם טאג־לייזונג, דארף עס מיך אנריהרען ביים הארצען, נאכלויפען דעם גנב און די ערשטע קלעפ פון איהם בעקומען. דו פאהרסט אין וועג — ליעג שטיל אין געהאקטע ווינדען אונטער דער באנק און שווייג ממזר! ניין, דארף מיך ארען, וואס פאר א פיס עס געפינען זיך אויף דער וועלט, ווי אזוי זיי שטעהן און געהן, וועלכע קריימען גלייך אדער ניט גלייך, זאלען זיי זיך שטעהן און געהן מיט דעם קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף — וואס איז מיין געשעפט? וואס דארף מיך ארען! הונדערט מיט צוואנציג יאהר זאלען געהן און שטעהן די יודישע פיס וואס האבען מיר א קלאפ געגעבען. בין איך דען דעם קלאפ ניט ווערט? פיהר זיך אויף שטיל און רוהיג ווי אלע אנדערע! זאל דיך קיין זאך ניט ארען, אויסער דיין אייגען נפש'ל וועט דיך קיינער ניט טשעפען און וועסט זיך לעבען רוהיג און גליקליך אויף דער וועלט. נאר איך בין שוין א פערפאלענער מיט מיין ווילדען כאראקטער וואס אלעס ארט מיך. נא, געה האב אזוי פיעל קרעפטען און האלט זיך איין פון ניט צעלאכען פון אט דעם דאזיגען פוס. שא... אט האט זיך שוין אראבגעלאזט דער צווייטער פוס אויך און עס גלוסט זיך נאך מעהר צו לאכען, מען דארף האבען איין אייזערען פערשטיינערט הארץ, מען זאל זיך קענען איינהאלטען. צוויי דינע שטעקענס און ברייטע געקעסטעלטע הויזען, מיר דאכט זיך אז אין זיי קענען ארייין צעהן פאר אזוינע פיס און היינט וואס פאר קאמעדיאנטסקע שיך! אין מיין לעבענס טאג האב איך עס ניט געזעהן — געלע שיך מיט לאנגע שמאלע שפיצען פערדרעהט ארויף ווי ביי אונזער שוהל־שמש'טע די פאריסענע נאז, היינט געהט זייט א בריה און האלט זיך איין פון ניט צו לאכען, זאל מען מיך דערהרגענען, איך מוז לאכען, איך קען זיך ניט איינהאלטען. —

און לייבקע האט זיך מיט ביידע הענד צוגעהאלטען דעם בויך און געלאכט אין זיך.

— אט די צוויי געלע פארריסענע נעז שטעהן קיין מינוט אויף איין ארט, נאר זיי שארקען אויף דער פאדלאגע, אט ווערט פלוצים פערפאלען איין פוס און אט זענען זיי ווידער ביידע דא, ווידער א נייע קאמעדיע — טפא זאל עס ווערען: איין פוס שטעהט אויף דער נאז און איינער אויף דעם אבצאס, נאך אמאל זיך איבערגעקעהרט, אמת'ע קאמעדיאנטען, ביי אונז אין לידניעוו וואלט מען אויף די צוויי פארריסענע נעז וואס מאכען אזוינע קינצען געגאנגען קוקען אויף בילעטען און דא אונטער דער באנק זעהט מען אומזיסט — א קאמעדיע אויף מיין ווארט.

לייבקע האט ווידער דערזעהן זיינע בעקאנטע שענע יאשטשערקעס, וועלכע האבען זיך איהם געחלומ'ט ווען ער איז געשלאפען, ער האט זיך יעצט נאך מעהר צוגעקוקט, ניט קענענדיג זיך אברייסען פון זיי — אין מיין לעבען האב איך ניט געזעהן אזוינע שענע פיסעליך, דאס איז פיסיונקעס, פיצעליך, ברעקעליך ווי ביי א קליין קינד.

און אין זיין פאנטאזיע האט זיך פארגעשטעלט א קליין שען קינד מיט רויט ראזע פיננערליך אויף קליינע פיסעליך וואס וויל זיך פון גרויס ליעבשאפט געבען א ביס, א קניפ, א קוש אדער א שנעל טהון און לייבקע האט אונטער דער באנק ניט אבגעלאזט די אויגען פון די צוויי גרינע שיכליך וועלכע זענען ניט געשטאנען רוהיג קיין מינוט אויף איין ארט און ניט אויפגעהערט צו שארקען אויף די פאדלאגע און איהם האט זיך אויסגעוויזען אז זיי טאנצען אזוי שען, אזוי גרינג און קונציג אז ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און געזאגט:

— איך מוז זיי א שנעל טהון אדער האטש זיי אנריהרען, איך קען זיך ניט איינהאלטען, זיי זענען מיר אין הארצען איינגעבאקען.

* * *

נאך דער לעצטער סטאנציע פאר אדעס איז אריינגעקומען דער קאנדוקטאר, צוגענומען ביי אלע פאסאזשירען די בילעטען און דער צוג איז זיך ווייטער געגאנגען זיין גאנג, אט איז ער פרעהליך ווי שפרינגענדיג אלע מאל איבערגעגאנגען אויף אנדערע רעלסען, די פאסאזשירען האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע ערטער און געשטאנען און געקוקט אין די פענסטער, אט זעהט מען פון ביידע זייטען אנגעריזעטע און לייינגע טאווארנע וואגאנעס, דער צוג רעשט און פייפט און געהט שטילער און שטילער.

אין דער זעלבער צייט אין איינעם פון די לאנגע וואגאנעס דריטע קלאסע האט א יונגע פריילין, פון וועלכע די פאסאזשירען האבען דעם גאנצען וועג ניט אראבגענומען די אויגען וועגען איהר שיינקייט, געגעבען פלוצים א שרעקליכען געשריי ניט מיט איהר קול.

— וואס איז? האבען זיך אלע ארום איהר מיט שרעק ארומגעשטעלט.

— אך!... עפיס פון אונטער דער באנק האט מען מיר אט און דעם פוס געגעבען א ביס צו א קלאפ און זי האט מיט איהר שען הענדטיל אנגעוויזען אויף איהר שען פוסעל מיט א גרין שיכעל.

— ווייזט נור, אפשר ברויכט מען צולעגען קאלט וואסער, עס זאל ניט געשוואלען ווערען.

— ניין, איך דאנק אייך, עס טהוט מיר ניט וועה, נאר איך האב זיך זעהר דערשראקען. איינינע פאסאזשירען האבען זיך אנגעבויגען און געזוכט אונטער דער באנק וואו די פריילין האט אנגעוויזען, נאר אונטער דער באנק איז קיינער ניט געוועזען...

---

## חנוכה־בלעטיל.

פון דר. אי—סעל.

אין איינע פון די ווינטער־אווענדען בין איך געזעסען ווי געוויינטליך ביים רונדען טיש פון מיין צימער און האב אהן חשק געבלעטערט אין א בוך. איך האב זיך געפיהלט אנגעשטריינגט און פערמאטערט. איך בין נור וואס געקומען פון אוניווערזיטעט, וואו איך האב פערבראכט דעם גאנצען טאג. איצט איז מיר געוועזען הויל און פוסט אין קאפ און א קעלטקייט פלעגט עפטער דורכגעהן דורך מיינע גליעדער.— דער לאמפ אויפ'ן טיש האט נור בעלייכטעט דען מיטעלסטען טהייל

פֿון צימער, אין די זייטען איז שוין געוועזען דונקעלער, און אין די ווינקעליך איז געשטאַנען די פֿינסטערניש ווי אַ בעשטראָפֿטעס קינד, ציטערנדיג און אומעטיג.

א זייגער אכט איז אַריין צו מיר מיין פֿריינד רפאל. די בעל־הבּית׳טע האָט אריינגעטראָגען צוויי גלעזער און אַ טשייניק טהיי.

רפאל האָט א קוק געטהון אויף מיין אנגעמאטערטעס געזיכט און האָט געפֿרעגט:

— „היינט א סך געוועזען צו טהון!"

— „יאָ, און ביי דיר?

— „וועניג".

מיר זענען געזעסען שטיל, איטליכער ביי זיין גלאָז טהיי, ווי צוויי אַלטע גוטע פֿריינד, וועלכע האָבען ליעב צוזאַמען צו זיטצען, אָבער זיי זענען ניט מחויב צו ריידען, זיך צו אונטערהאַלטען... נאָך טהיי האָט זיך רפאל אויסגעצויגען אויף׳ן זאָפֿע און פֿעררייכערט אַ פּאַפּיראָס און זיך ציהענדיג און בלאָזענדיג דעם רויך פֿון זיך האָט ער פּלוצים ווי מיט א זיפֿ׳ץ אַ זאָג געטהון:

— „און היינט איז שוין דאָס זעכסטע ליכטיל".

— „וואָס פֿאַר אַ זעכסטע ליכטיל?",—האָב איך ניט פֿערשטע־הענדיג געפֿרעגט.

— „ס׳איז דאָך איצט חנוכה ביי אונז", האָט רפאל געענטפֿערט מיט אַ לייכטען פֿעראיבעל.

— „אך, טאקע! עס איז מיר גאָר פֿון קאָפּ אַרויס!"—האָב איך זיך אַ חאַפּ געטהון.

און מיר האָבען זיך ביידע זעהר שטאַרק פֿערטראַכט.

עס עפֿנען זיך אויף די טהירען פֿון די אַמאָליגע צייטען, די טהירען פֿון די קינדערשע יאָהרען. פֿריינדליכע בילדער שווימען ארויף, ליכטיגע צימערן, דריידליך, חנוכה־געלד, „האַלבע־טעג" אין חדר, און אויבען אָן אַ חנוכה־לאָמפּ, אַ צאַצקע. מיט פֿרעהליכע פּנימ׳ליך ווע־טען זיך די קינדער מכה דעם אויסוויינינ־לערנען פֿון על־הנסים. ס׳איז א מלחמה אויף טויט און אויף לעבען, און ווי זיס איז דער נצחון... א שווערעס וואָרט „מתתיהו" „השמונאים", אָבער מען טאָר ניט שטרוי־כעלען, אז ניט קריעגט מען ניט די גרויסע פּרעמיע... היינט די שענע מעשה פֿון די חשמונאים!.. יהודה דער גבור, מיט אַ קול פֿון א לייב, מיט א בלאַנקען שווערד ארום די לענדען און מיט אַ שוואַרצען פֿערד, וואָס שטורעמט דורכ׳ן פֿעלד ווי א ווינד... און איין מלחמה מיט די עלעפֿאַנטען!.. דעם יונגילס קעפּעלע איז צו קליין זיך פֿאַרצושטעלען אַזאַ גרויסע זאַך ווי א־נ־עלעפֿאַנט. עס שווינדעלט איהם אין מח׳ל". און אזאַ מין גרויסע בריאה צודריקט דעם שטאַרקען העלדען יהודה... ברר!.. אָי!.. דאָס קינדערשע האַרץ עקעלט זיך און זיינע אייגעליך פֿערגיסען ביטערע טרערען...

און היינט דער נס פֿון בוימאייל!..

די שונאים פּינטעלען שוין מיט זייערע בייזע אייגליך און מיינען אָט אָט ווערד פֿערלאָשען דאָס ליכט פֿון דער מנורה.. און די מנורה מוז, מוז ברענען אייבּיג לכבוד די הייליגע שכינה און טאָר קיין — קיינמאָל ניט פֿערלאָשען ווערען, און עס איז אזוי וועניג בוימאייל, כשר׳ה, ניט פֿעראונריינינגטע בוימאייל, נור איין, איין פּיצימאַנציקע פֿלעשעלע... און די מנורה ברענט און זי ווערט ניט פֿערלאָשען... און די שונאים פּלאַצען פֿאַר כעס און די יודען פֿרייען זיך... די קליינע יונגעליך פּאַטשען פֿאַר שמחה אין די הענטליך און שפּרינגען פֿאַר פֿרייד און לאַכען און לאַכען פֿון די שונאים...

און נאָך, און נאָך א סך בילדער דערמאָנען מיר די יונגע צייט... און אַנדערע פֿון שפּעטערע צייטען שווימען אַרויף...

פֿעראומערטע פּנימע׳ר, יודישע פּנימ׳ר.

אויף איטליכענס פּליצע הענגט אַ שטיק יודישער גלות, איט־ליכער שלעפּט אויף זיך די משא פֿון אָבגעלעבטע געדאַנקען, פֿון פֿערצייטיגע מנהגים, פֿון געשטאָרבענע נפשות. אין זייערע הערצער ווערט גאָר נישט מעהר געבוירען, עס איז א אויסגעמאַטערטע ערד, וואו עס שפּראָצט ניט אַרויס קיין בלימעל און קיין יונגעס גרעזעל. זיי פֿרייען זיך אויף די גליקען פֿון פֿערצייטיגע דורות (און פֿרייען זיי זיך טאַקע?), זיי וויינען אויף די אומגליקען פֿון פֿערשטאָרבענע צייטען... וואָס העלפֿען מיר די גליקען פֿון אַמאָליגע השמונאים? וואָס טויג מיר אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב אָהן האָפֿנונג אויף אַ פֿרייען נאַציאָנאלען לעבען אין צוקונפֿט?... און די קליינע רויכערדיגע ליכטליך האָבען מיר אויסגעזעהן ווי איין גלייכנים, ווי א משל צו דעם לעבענס־פֿייעריל אין די יודישע הערצער, וועלכעס שיינט ניט און וואַרעמט ניט, וועלכעס רויכערט נור.

די פֿעראומערטע פּנימ׳ער, די יודישע פּנימ׳ער פֿרעגען מיר, וואָס מאַכט איהר ניט מיט אונזער יום־טוב? פֿאַר וואָס זענט איהר קאַלט ווי א שטיין? זעהט ביי אונס איז דאָך היינט א פֿרעהליכער טאָג... און איך ענטפֿער זיי! איהר נאַרט זיך ברידער. עס איז ביי אייך אין האַרצען קיין יום־טוב, עס איז אומעדיג ביי אייך. איך בין יונג, איך וויל לעבעדיגע מענשען זעהן, איך וויל געהן צו די וועלכע טרויערן אויף אייגענע צרות, וועלכע פֿרייען זיך אויף אייגענע גליקען... און איך בין געגאַנגען....

איך בין געגאַנגען, און געבלאָנדזעט. מיין זעעלע האָט געוואַנ־דעלט אויף פֿינסטערע וועגען, נאָר ערגיץ וואו האָט זיך בעוויזען א שיין, נאָר זעלטען וואו האָט איפֿגעפֿלאַקערט א ליכט. קען מען דען געהן פֿון זיין פֿאָלק? זענען מיר ניט ווי ביימער מיט דער ערד צוזאַמענגעוואַכסען מיט דעם גייסט פֿון אונזער פֿאָלק? הונדערטער פֿעדי־מער פֿערבינדען אונז מיט די אַלטע יודישע דורות, און ווען מיר וועלען צורייסען די פֿעדימער, צי ווערלען מיר דורך דעם צוזאַמענוואַכסען מיט אַנדערע פֿעלקער? צוריק! צוריק! אָבער ווי?

איך בין ניט געוועזען דער איינציגער. טויזענדער מיט באַנגענדע הערצער האָבען געזוכט דאָס אייגענע וואָס איך, און אויף פֿערפֿלאָכ־טענע וועגען שפּרייזענדיג זענען מיר אלע געקומען צו דעמזעלביגען אָרט. מיר האָבען אָנגעהויבען צו פֿערשטעהען אונזער פֿאָלק און זיין שטומע גרויסאַרטיגע זעעלע. אונזער פֿאָלק האָט אַ מ אָ ל געלעבט, אונזער פֿאָלק קען אויך ה יי נ ט לעבען, ווען עס וועט לעבען פֿאַר א צוקונפֿט, פֿאַר קומענדיגע דורות.

און דער אַלטער חנוכה־יום־טוב האָט אנגענומען נייע קאָלאָריען, פֿייערפֿלאַמענדיגע פֿאַרבען.

די קליינע ליכטעליך האָבען נאָך אלץ געריינכערט, דערפֿאַר אָבער האָבען געלאָכטען אַנדערע שטראַהלען, דאָס פֿערלאַנגען און די האָפֿנונג אויף אַ פֿרעהליכע צוקונפֿט פֿאַר׳ן יודישען פֿאָלק.

און חנוכה האָט אויפֿגעהערט צו זיין פֿאַר אונז א יום־טוב אין געוועהנליכען זין. ניט זיך אויסצורוהען איז ער דאָ, ניט צו געניסען זיינע שענקייט האָט מען איהם אונז געגעבען. דאָס וועט ער אַ מאָל נאָך ווערען. איצט אָבער קען מען איהם פֿערגלייכען מיט דעם פּאראַד וואָס מען מאַכט פֿאַר סאָלדאַטען, וועלכע געהען אויף מלחמה. מען שפּיעלט, מען עסט, מען טרינקט און מען איז לוסטיג, דאָך טיעף און איטליכענס זעלע דרעמעלט אַ בילד פֿון שווערע, גרויסע און וויכטיגע צייטען...

---

רפאל האָט זיך פּלוצים אויפֿגעהויבען פֿון זאָפֿע. זיין געזיכט איז געוועזען שטאַרק צוטראָגען, און אַקוראַט ווי ער וואָלט געטראַכט דאָס אייגענע וואָס איך און האָט מיט כח אַ זעץ געטהון אויפ׳ן טיש הויך אויסרופֿענדיג:

„גיט 8 ליכטליך, ברודער, 365 דאַרפֿען מיר האָבען!"

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

## השלח.

יצאה לאור חוברת אקטובר ונשלחה להחותמים.

וזה תוכנה :

א) הטוב והרע (המשך), הלל צייטלין.
ב) מליצת שפת עבר ובאור המקרא, מאמר שלישי, יצחק בן אשר.
ג) ביום הזכרון, א. ז. ראבינאוויטש.
ד) לתולדות השלחן ערוך והתפשטותו, ח. רב צעיר.
ה) כלי הזמר בישראל (המשך) פ. מינקאווסקי.
ו) אמת ליעקב (סוף), דוד כהנא.
ז) בין סלעי מגור, שיר, מ. מ. דאליצקי.
ח) מוסר היהדות (המשך), דר. ד. ניימארק.
ט) היהודים והיהדות באמריקה ד — (סוף) מ. ז. רייזין.
י) השקפה כללית, עברי.
יא) ילקוט קטן, אחד העם.
יב) מחשבות ומעשים, רבי קרוב.

מהירו לשנה 6 רו"כ, לחצי שנה 3 רו"כ.

Verlag „ACHIASAF" Warschau.

---

## פרוטוקול סטינוגרפי

(השלם)

### מהמו"מ בהקונגרס הציוני השני
### בעיר באזעל
### י — יב אלול תרנ"ח.

הפרוטוקול הזה הוא העתקה שלמה ומדויקת מהפרוטוקול האור־יציאלי של הקונגרס השני, ובאו בו כל דברי המו"מ, הוכוחים, ההצעות והמנאמים של חברי הקונגרס, לא יחסר דבר. הפרוטוקול הזה יש לו ערך גדול וקים, וכל איש הרוצה לדעת את דברי המו"מ של הקונגרס ופעולותיו ידיעה שלמה וברורה ימצא מבוקשו רק בהספר הזה, כי כל הידיעות שבאו עד הנה ע"ד הקונגרס במכ"ע ובמחברות מיוחדות הן מקוטעות ונעדרות השלמות. מפני סבות שאינן תלויות בנו נתעכב צאת הפרוטוקול, אבל מלבד שספר רב הערך כזה אינו תלוי בזמן נכבד הוא עתה ביותר בהגיע תור הקונגרס־השלישי, כי בהגלות לפני הקוראים כל החלטות הקונגרס ודרך התפתחותן ע"פ מהלך המו"מ וההשקפות השונות של הדילינגטים — ולא רק בתור מסקנות יבשות — ידעו לשפוט נכוחה ולכלכל מעשיהם לעתיד בתור חברי האגודות הציוניות או בהתעתדם להשתתף בהקונגרס השלישי.

הספר מחזיק 238 עמודים (יותר מן 15 באגען) ורובו נדפס באותיות פטיט שהוא מועט המחזיק את המרובה, וכדי שיהיה מצוי ביד כל אדם ויוכלו לקרות בו מיד ימכר מכורך הדר במחיר מועט והוא:

60 קאפ' ועם פארטא 70 קאפ'

למו"ס ולאגודות ציוניות ראבאט הגון!

דורשי הספר יפנו אל

Verlag „ACHIASAF", Warschau.

---

## דיא קאלאניסטען

א בילד פון לעבען פון די יודישע קאלאניסטען אין ארץ ישראל פון וועלט בעריהמטען פראפעסער (יה"ל) יצחק הלוי לעווינסקי אין 2 טהייל פרייז 80 קאפ'.

**דער שטומער שדכן** ראמאן פון יה"ל הנ"ל. פרייז 60 קאפ'.

צו בעקאמען אין בוכהאנדלונג **נ. צייטלינגאלד** ווארשא, נאלעווקי 28. אויך אין פערלאג „אחיאסף".

---

## דער דריטער באזעלער ציוניסטען קאנגרעס

עקסטרא־בלאט פון "דעם יוד".

פון ש. ראזענפעלד.

אינהאלט :

1) דער ציוניזם. 2) דער וועג, באזעל.
3) קבלת פנים. 4) די קאזינא.
5) דער ציוניזם אין רוסלאנד. 6) די פרויענפערזאמלונג.
7) דער קאנגרעס.

פרייז מיט פארטא 10 קאפ'.— מו"ס און ציוניסטישע פעראיינע ראבאט!

**Verlag „ACHIASAF", Warschau.**

---

## הוצאת אחיאסף.

### דרך לעבור גולים

מאת משה ליב ליליענבלום.

הספר הזה יספר לנו בדברים נאמנים ומושכים את הלב את תולדות ישוב ארץ ישראל עד התיסדות חברת התמיכה, אופני התפתחות המושבות בא"י, אספות חו"צ ופעולות הרבנים בענין השמיטה וכו' ויכלכל חומר רב הערך לתולדות הישוב וראשי חו"צ כמו הג' רש"מ, הד"ר פינסקר וכו'.

מחירו 75 קאפ. ועם פארטא 83 קאפ.

Verlag „ACHIASAF", Warschau.

---

## איינע וויכטיגע מעטאדע צום אויס־לערנען זיך שיין שרייבען קאליגראפיש

יעדע מעטאדע : העבראיש יודיש, רוסיש אדער דייטש קאסט 20 קאפ. ווער עס וויל האבען אללע 4 מעטאדעס מיט דינן דורכזיכטיג פאפיער, וועלכעס איז ספעציאל דאצו געמאכט, ,/¹ ליברע צו יעדע מעטאדע, זאל איינ־שיקען 1 רובעל וועט ער ערהאלטען אלעס פארטא־פרייא. די יעניגע וועלכע דארפען דאס פאפיער מעהר, דארפען צו לייגען צו 10 קאפ. פאר יעדע ליברע, און וועלין עס צו זאממען ערהאלטען. פאר וויניגער וויא 1 רובעל שיק איך נישט קיינעם.

איך נעם אויך אן צו לערנען דורך בריעף אללערלייא שריפטען קאליגראפהיש, פיר 3 רובעל א חודש פאר יעדער שריפט.

מען קען אויך בעצאהלען אין 3 ראטען צו 1 רו"כ. איך שיק דעם וואס וויל לערנען אלעס נעטיגע צו דער מעטאדע לויט איינגעצאהלטע ראטע. יעדער וואס לערינט זיך ביי מיר און בענוצט זיך מיט מיין דינן און איינפאך פאפיער בעקומט די לעקציאנען אויף אללע ערפארדערליכע שריפטען, און דארף אויך די מעטאדעס נישט קויפען. ווער עס וויל זיך ביי מיר לערנין דארף מיר איינ־שיקען זיין האנדשריפט צור פראבע (אויך דעם רובעל פיר יעדע ראטע פאראויס) אונד אויסשרייבען דייטליך וואס ער פערלאנגט, כדי איך זאל וויססען וואס און ווי אזוי פיר זיינעט וועגען צו צו גרייטען, און איך פערזיכער יעדען איינ־ציגען וועלכער וועט זיך ביי מיר לערנען אז ער וועט האבען מעהר נוטצען ווי ער קען זיך נור דענקען. זעלבסט פערשטאנדליך אז וואס פלייסיגער ער וועט שרייבען אין פערלויף די צייט וואס ער וועט זיך לערנין, וועט ער אלץ בעסער און שנעללער ערגרייכען זיין ציעל.

ווער עס וויל זיך אויסלערנען אין א קורצע צייט שיין שרייבען זאל זיך ווענדען אן די אדרעסע:

**M. Schlakmann, Odessa,** (Russland) Post-Restant.

---

אין דער בוכהאנדלונג פון

## ש. ל. ליפשיץ אין ביאליסטאק

ווירד אנגענומען אבאנעמענט אויף די צייטונגען „דער יוד", „השלח", „המליץ", „הצפירה" און אויך רוסישע צייטונגען אויף די בעסטע בעדינגונגען. **ספעציאליטעט:**

פערקויף פון ספרי „אחיאסף" ו„תושיה" מיט ראבאט.

# געזעלשאפט „כרמל“ ווארשא

אויסשליסליכער פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד

# פון נאטירליכע וויין און קאניאק

וועלכער ווערד אויסגעארבייט

אין די וויינגערטנער

פון די

## יודישע קאלאניעס

אין

## ארץ ישראל




די מארקע איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.




דער עטיקעט איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

„צו לויבען דעם כרמל-וויין און קאניאק איז גאנץ איבריג, וויל זייא זענען שוין אנערקאננט פון די גראָססטע „אבכליטע פיר איינציג נאטירליך און ריין און קעננען קאנקורירען מיט דיא בעסטע פראנצאָזישע או „אנדערע אויסלאנדישע פיינסטע סארטען“.

הויפט-קאנטאר אין ווארשא, נאלעווקי נ׳ 21, טעלעפאן נו׳ 1433.

אדרעססע פיר בריעף: Товаричество Кармелъ Варшава. פיר טעלעגראממען: Варшава Кармелъ.

אבטהיילונג פיר זיד-רוסלאנד אין אדעססא רישעליעווסקאיא אין דעם הויז פון ה׳ בארבאש:

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Одесса. פיר טעלעגראממען: Одесса Кармелъ.

צו אדרעססער ראיאן געהערען די גובערניעס: חערסאן, קישינעוו, יעקאטערינאסלאוו, פאדאלסק, קיעוו, חארקאוו, פאלטאווא, קרים און קאווקאז

**אונזערע וויינען און קאניאקען בעקומט מען אין אלע ווייןהאנדלונגען**

כדי צו בעווארנען כרמל-וויין און קאניאקען פון נאכגעפעלשטע, פערקויפען מיר אונזערע וויינען און קאניאקען נור אין פלעשער פערזיגעלט מיט אונזער סטעמפעל און פערקניפט מיט דער פלאמבע פון „כרמל“.

---


МАЛЫЙ

**ЭНЦИКЛОПЕДИЧЕСКІЙ СЛОВАРЬ**

изд. Брокгауза и Ефрона.

ВЫШЕЛЪ И РАЗСЫЛАЕТСЯ 4-й ВЫПУСКЪ.

(Виленская іезуитская академія — Гебгардъ).

Съ выходомъ 4-го выпуска закончен І-й томъ (**А — Гебгардъ**).

Въ составъ І-го тома входятъ приложенія:

1) Алгебра. — 2) Анатомія общая, проф. П. Ф. Лесгафта. — 3) Анатомія частная, проф. И. И. Бурцева. — 4) Англійскій языкъ — грамматика и краткій словарь, лектора Петербургскаго университета К. И. Тернера. — 5) Ариометика С. И. Шохора-Троцкаго. — Астрономія К. Фламмаріона, перев. подъ ред. проф. В. В. Витковскаго. — 7) Библейская исторія, проф. А. П. Лопухина. — 8) Ботаника сэра Дж. Гукера, съ добавленіями проф. А. Н. Бекетова. — 9) Геодезія, проф. В. В. Витковскаго. — 10) Гражданскіе законы, члена Московской Судебной Палаты Г. Л. Вербловскаго. — 11) Геологія В. К. Агафонова. — 12) Геометрія, преподав. Констант. Артиллер. Училища Н. М. Гюнтра. 13) Государственное право, проф. В. В. Ивановскаго.

Все изданіе составитъ 12 выпусковъ (3 тома).

| | |
|---|---|
| Цѣна всего изданія въ выпуск. 18 р. безъ пересылки. | Цѣна каждаго отдѣльнаго выпуска съ наложеннымъ платеж. 1 р. 95 к. |
| » » » » томахъ въ переплетѣ 20 р. 25 к. | Цѣна каждаго тома въ переплетѣ 6 р. 75 к.; за пересылку по разстоянію за 6 фунтовъ. |
| Ц. кажд. отдѣльн. вып. 1 р. 50к. | |
| » » » » съ пер. 1 р. 85 к. | |

Контора редакціи: С.-Петербургъ, Прачешный пер., д. № 6.

אלע נייע און פריהריגע אבאָנענטען פאָן דעם „יוד“ און „השחר“ קענען בעקומען די ענציקלאפעדיא דורך אחיאסף פיר דעם פרייז פון 16 רו״כ ד. ה. מיט איין ראבאט פון צוויי רובעל פון פרייז (אויסער פארטאָ און איינבאנד). ווען זיי קויפען באנד-ווייז דארפען זיי צאָהלען פיר דעם ערשטען באנד 6 רו״כ (אויסער פארטא), און פאַר דעם 2-טען און 3-טען באנד צו 5 רובעל.

די ענציקלאפעדיא ווערד אויך געשיקט פר נאכנאמע.

Verlag Achiasaf, Warschau.



נייעס!! ——— נייעס!!

פיר לײדענדע אויף מערידען אונד פוקלעס

**אפאראט**

וועלכע היילט גרינדליך אהנע אפעראציע

פרייז מיט איבערזענדונג 2 רובל 50 קאפ.

Orlopedyst D. MOSZKOWSKI, WARSCHAU, Muranów 16.